יצחק רפאל (ווערפעל)

# פון די קוואלן פונם חסידישן פאלקלאר

(ממעיינות הפולקלור החסידי)

איבערגעזעצט פון העברעאיש
דורך
א. ר ו ב י נ ש ט י י ן

פאַרלאַג „אונזער וועג" פאַריז

אַרויסגעגעבן דורך דעם מרכז לאירופה
פון „מזרחי״ און „הפועל המזרחי״ אין
פּאַריז, ביי דער מיטהילף פון דעם יוגנט-
דעפּאַרטאַמענט (רעליגיעזע אָפּטיילונג)
פון דער ציוניסטישער וועלט-אָרגאַניזאַ-
ציע אין ירושלים. תש״ט — 1949.

# אינהאַלט

בער נאַכט. — דער זיפץ פון מעזריטשער מגיד. — ר׳ נחו־מטשע טשערנאָבילערס מתנה. — ר׳ חיים צאנזערס פזרנות. — ר׳ שמעלקע ניקעלשבורגער און דער אָרעמאַן. — די צדקה־מעשים פון ר׳ מענדעלע רימאנאווער. — ר׳ הירש רימאנאווערס שטייגער אין צדקה־געבן.

## ד.

די אויפקלערונג־כוונות פון דער חסידישער דערציילונג. — „שועת עניים אתה תשמע". — דער גאָלדענער כוס אין ר׳ פנחסל קאריצערס הויז. — ר׳ וועלוועלע זבאראזשער נעמט־אויף ביי זיך זיין ברודער ר׳ יצחק ראדזיווילער. — ר׳ משה פשעוואָרסקערס תפילה. — ר׳ פנחסל קאריצער איז מקנא זיין משרת. — די גאוה קומט אָן אַ סיבה. — אויף גאוה איז נישטאָ קיין פאַרענטפער. — ר׳ נחומטשע טשער־נאָבילער אין אַרעסט־הויז. — ר׳ מעכעלע זלאָטשעווער ענט־פערט־אָפּ אַ מתנגד. — דער רבי ר׳ זושא האניפּאָלער אין בערדיטשעוו.

## ה.

די פאַרגעבונג־מידה פון די חסידישע פירער. — דער בעש״ט שיקט זיינע מענטשן, אַז זיי זאָלן רעדן אויף אים שלעכטס פאַר ר׳ איציקל האַמבורגער. — ר׳ יעקב־יוסף פון פולנאה וויל נישט לייגן אין חרם אַריין דעם מסור. — די „קללה" פון ר׳ שניאור זלמן מלאדי. — דער בעל־שם־טוב און ר׳ יחזקאל לאנדוי. — ר׳ הירש רימא־נאווער איז מתפלל פאַרן קרעמער, וואָס האָט אים פאַר־

שעמט. — ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער אין טאָג פון ווילנער גאונס פטירה. — פאַרוואָס הייסן מיר יידן? — פון דעם בעל שם־טובס דערציילונגען. — ר׳ משולם פייוויש איז בודק זיך אַליין. — ר׳ בנימין זשאַלאָזשיצער און ר׳ מאירל פרע־מישלאַנער וועגן די תחבולות פון יצר הרע. — דעם רבי ר׳ בונמס „צוויי קעשענעס". — דער ייד איז געגליכן צו אַ „סגולי". — די „געמאַכטע" גוטע יידן. —

## ו.

דבקות — פון די יסודות פונם חסידות. — ר׳ מעכעלע זלאָטשעווער — אַ „נשמה לנשמה". — ר׳ זושא האָניפּאָ־לערס יראת השם. — ער לערנט משניות מיט די שמעל־קע ניקלשבורגער. — ר׳ אברהם המלאך און דער בעל „התניא" לערנען צוזאַמען. — ר׳ נחום טשערנאָבילער וויל נישט, אַז דער מלאך זאָל אים מגלה־זיין רזי התורה.— ר׳ משה פשעוואָרסקער פאַרשפּעטיקט דעם זמן־התפילה. — המתפלל בלב. — דער „חוזה" פון לובלין ביי ר׳ ברוכל מעזשיבעזשער. — ר׳ משה פשעוואָרסקער און זיין זון זיי־נען זיך טובל אין אַ קאַלטער מקווה אין ווינטער. — דאָס התלהבותדיקע דאַווענען פון ר׳ שלמהלע קאַרלינער און ר׳ אורילע סטרעליסקער. — דער ריזשינער שטייגער פון דאַ־ווענען. — ר׳ מרדכי ניעשכיזערס אתרוג. — צוליב וואָס איז ר׳ לייב שרהס געפאָרן צום „מגיד". — ר׳ ארון־לייב שומר־שבת.

## ז.

די אוהבי־ישראל. — יידן — דאָס חיות פון דער וועלט. —

„אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו". — די באַציאונג צום זינדיקן. — די התנהגות מיט קינדער — אַ ביישפּיל פאַר הקב"ה. — דער צוזאַמענטרעף צווישן ר' ישראלטשע ריזשינער מיט דעם „ישועות יעקב". — אַ געוויינלעכער טשוואָק. — ווי אַזוי אַ מענטש דאַרף זיך פּרואוון. — ווי אַ פערד טרינקט וואַסער פון טייך. — ר' מאירל פּרעמישלאַנערס עצה פאַר הקב"ה. — ר' לוי יצחק בערדיטשעווערס טענות. — ר' משה קאָברינערס ליד. — דעם „שפּאָליער זיידנס" דין־תורה.

## ח.

דער חסידישער הומאָר. — דער גרעסטער סיגוף. — וואָס שלמה מיימאָן האָט געזען ביים מעזריטשער מגיד. — ר' אפרים סעדילקאָווערס משל. — פון ר' נפתלי ראָפּשי־צערס גלייכווערטלעך. — ר' מאירל פּרעמישלאַנערס רמ־זים און פירושים. — דעם „יוד הקדושס" וואָרט־שפּילן. — דער פונק און דאָס פייער. — ר' מאירל פּרעמישלאַנערס „נקמה" אין ר' אורילע סטרעליסקער. — פון ר' משה קאָב־רינערס הלצות. — ר' ברוך רודניקער שפּאַסט־אָפּ פון זיין פאָטער. — חסידישע הלצות וועגן ייי"ש־טרינקען.

## ט.

דער קאַמף צווישן חסידים און מתנגדים. — די דעפיני־ציע פון אַ חסיד און אַ מתנגד. — הומאָר — אַן אינסטרו־מענט אין דעם קאַמף. — וועגן פאַרשפּעטיקן דעם זמן התפילה. — ר' אייזיל חריף וועגן ר' אברהם סלאָנימער.

— „ויתרוצצו הבנים בקרבה". — די מתנגדים „פאַרהערן" דעם „חידושי הרי"ם". — „צדיקים ילכו בם ופושעים יכשלו בם". — דער בעש"ט וועגן דער „קאַלטקייט" פון מתנגדים. — אַ „קאַלטע" תפילה. — „וואַרעמע" און „קאַלטע" מלא־כים. — פאָרוואָס חסידים טרינקען יי"ש נאָכן דאַווענען. —לומדות און מסירות נפש.. — דער טעות פון ביידע צדדים.

## י.

דער אייגנאַרטיקער חסידישער לעבנס־שטייגער. — אַ הסידישע דרוקעריי. — ר' הירש רימאנאווערס יחוס. — דער אפטער צדיק באַשטראָפט די „קאָזאַקן" אויף דער התונה אין אוסטיליע. — די באַדייטונג פונם חסידישן ני־גון. — דער מעזריטשער מגיד וועגן ר' אהרן הגדולס ני־גון. — פיש אויף שבת. — דער אַפטער צדיק אויף זיינע נסיעות. — ר' שלום קאמינקער „פאַרהערט" אַ דאָרפס־יינגל. — ר' שלום פאַרשפעטיקט קומען צו זיין רבין. — דאָס „נישט האַלטן" פון דאָקטוירים. — די „פילאָזאָפיע" פון „ניטל־נעכט". — די רביים — יורשים פון זייערע פאָרגייער. — רמזים אויף נעמען. — דער „ישמח משה" אין די בין המצרים־טעג.

# הקדמה

דער יונגער יידישער דענקער און חסידות-פאָרשער יצחק ווערפעל וויטיקט זיך זיכער נישט מען זאָל אים פאָרשטעלן פאַרן יידישן עולם. ער באַדאַרף נישט קיין אונטערפירער, ווייל ער שפרייזט ב״ה אַליין שוין זייט פיל יאָרן מיט זיכערע און פעסטע טריט אין דעם לאַבירינט פון דער געשיכטע פון חסידות און פון זיינע באַגרינדערס. די פאָר ווערטער, וואָס קומען דאָ בתורת הקדמה, זיינען געשריבן בלויז מיט דער כוונה צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פונם יידיש-לייענענדיקן עולם אויף דער וויכטיקייט פון דער יידישער איבערזעצונג פון ווערפעלס „ממעיינות הפולקלור החסידי״ און אויפן גרויסן נוצן, וואָס זיין פאַרשפרייטונג קען ברענגען.

דער מחבר האָט געשעפט פון ערשטע קוואַלן. פון אָט דער אויטענטישקייט שטאַמען-אַרויס די לעבעדיקייט און די עכטקייט פון זיינע פאָלקס-מעשהלעך, משלים און גלייכווערטלעך. נישטאָ קיין סימן פון אינסצעניזאַציע, קיין שפור פון סטיליזאַציע, וואָס מען טרעפט אַזוי אָפט ביי די מאָדערנע חסידים פון חסידות. דערפאַר טאַקע איז דער סטיל פונם חיבור אַזוי פשוט, ווי פשוט ס׳איז אַלץ, וואָס איז עכט. ניט קיין צוגעפוצטן פאָלקלאָר, אויסגערעכנט אויף עפעקטן,

טרעפט איר דאָ, נאָר איר הערט ווי דאָס פאָלק גופא דער־
ציילט, בתמימות זיינע מעשהלעך, איז זיך מחיה מיט זיינע
אייגענע לעגענדעס און זאָגט רואיק, ווי ניט אים מיינט מען
דאָס, זיינע קלוגע גלייכווערטלעך.

אָט צוליב די אַלע מעלות פאָרדינט ווערפעלס חיבור צו
ווערן אַ פאָלקס-בוך פאַר די מאַסן, אָבער גלייכצייטיק אויך
— אַ האַנטבוך פאַר יידישע לערער און דערציער. שוין צייט,
כ'לעבן, אויפצוהערן צו פאַרשטאָפן און צו פאַרטומלען די
קעפּלעך פון יידישע קינדערלעך מיט די געשיכטעס פון
פּעען און נימפן פון אַן אַנדערסען, די ברידער גרים און פון
אַנדערע מחברים פון קינדער-מעשיות, וואָס האָבן אַליין גע־
שעפּט פון אינדאָ-גערמאַנישן פאָלקלאָר, פון גריכישער מיטאָ־
לאָגיע, פון די אַראַבישע „טויזנט און איין נאַכט“, אָדער גאָר
פון די קריסטלעכע מיסטעריעס, אין איטלעכן פאָלקלאָר קומט
צום אויסדרוק דער פאָלקס-כאַראַקטער. אַריינברענגען אין
דער צאַרטער קינדערשער נשמה עלעמענטן, וואָס זיינען
פרעמד דער פסיכיק פון דעם קינדס פאָלק און זיינע טראַדי־
ציעס אין דער סביבה, וואו עס וואַקסט און לעבט, הייסט
פשוט פאַרסמען, פאַרדאַרבן זיין פאַנטאַזיע און צעשטערט די
גייסטיקע האַרמאַניע און גאַנצקייט — דער וויכטיקסטער תנאי
פאַר דער נאָרמאַלער און געזונטער אַנטוויקלונג פונם קינד.
דער חסידישער פאָלקלאָר, אָנגעלאָדן מיט אַ טיפן מוסר-השכל,
מיט אהבת ישראל, מיט יידישער פיקחות, וואָס קוואַלט אַרויס
פון אַ לאַנגער לעבנס-דערפאַרונג און פון די שווערע נסיונות,
וואָס פאַר זיי זיינען יידן, צעזייט און צעשפּרייט, ווי זיי זיינען
צווישן די פעלקער פון דער וועלט, תמיד געשטאַנען און

שטייען נאָך עד היום, — אָט דער פֿאָלקלאָר וועט זיין אַ דער-
קוויקונג פֿאַר יעדנס האַרץ און קינדערישן הערצעלע.

קומט טאַקע אַן אמתער יישר־כּוח די אַרויסגעבער און דער
יוגנט-אָפּטיילונג ביי דער עקזעקוטיווע פֿון דער יידישער
אַגענץ, וואָס העלפֿט־מיט אַרויסגעבן דאָס ספֿרל פֿון יצחק
ווערפּעל אויף יידיש און ברענגען אַזוי אַרום דאָס יידישע
פֿאָלקסטימלעכע שאַפֿן צוריק צו זיין מקור — צו די יידישע
פֿאָלקס-מאַסן אין אייראָפּע.

פּאַריז, חמשה עשר בשבט תש"ט. — י. עפּרויקין



## א.

די נעגאַטיווע באַציאונג צום חסידות
אַמאָל. — ידער פּאָזיטיווער צוגאַנג איצט.
— די פילפאַרביקייט פון דער באַוועגונג
און איר ליטעראַטור. — קולטור־ווערטן,
וואָס געהערן שוין דעם עבר. — דער פאָלק־
לאַר ווי אַן אויסדרוק פון די פאָלקסטימ־
לעכע יסודות פונם חסידות.



ין לעצטן דור האָט די חסידישע באַוועגונג זוכה געווען צו אַ גרויסער אויפמערקזאַמקייט פון דעם יידישן און העברעאישן פאָרשער און שרייבער. אַ לאַנגע צייט האָט גע־הערשט אין אונזער מאָדערנער ליטעראַטור אַ נעגאַטיווע איינשטעלונג צו אָט דער גרויסער פאָלקס־באַוועגונג. די השכלה־שרייבער, וועלכע האָבן אין איר געזען אַ פעסטונג פון קולטור־רעאַקציע און אַ נעסט פון אומוויסן, האָבן פאָר־געשטעלט דאָס חסידות ווי אַ געזעלשאַפטלעך פאַרזעעניש. אין דעם האָבן זיי שוין אייגנטלעך מקדים געווען די מתנג־דים פון דעם ווילנער גאונס קרייז מיט זייערע תלמידים און שפּעטערדיקע נאָכפאָלגער. די משכילים האָבן אָבער דעם קאַמף צוגעגעבן נייע מאָטיוון און נייע, פאַר זיי אייגנטימ־לעכע, עלעמענטן. כמעט די גאַנצע השכלה־ליטעראַטור, און באַזונדערס דער סאַטירישער טייל אירער, שטייט טאַקע אונ־טערן צייכן פון אָט־דעם קאַמף מיטן חסידות. די דאָזיקע קעגנערישע נעגאַטיווע איינשטעלונג צום חסידיזם האָט אַזוי אומבאַגרענעצט געהערשט אין דער יידישער ליטעראַטור — אָן וועלכן ס׳איז פּרואוו פון קעגנווירקונג פון וועמען עס זאָל נאָר נישט זיין — ביז צום באַווייזן־זיך פונם שרייבער און פאָרשער, אליעזר־צבי הכהן צווייפעל. ער, דער ערשטער, האָט אין זיין גלענצנדיקן דריי־בענדיקן ספר, „שלום על ישראל" געמאַכט, מיט דערפאָלג, אַן ערנסטן פאַרזוך צו אַנטפּלעקן דעם אמתן מהות פון חסידות. ער האָט דערנאָך

געהאַט טרייע תּלמידים און נאָכפאָלגער. פון דעמאָלט אָן איז דאָס חסידות געוואָרן אַ צענטראַלע טעמע אין אונזער פאָרשונג. צענדליקער ווערק און אָפּהאַנדלונגען, צווישן זיי פיל גרויסע און באַדייטונגספולע, זיינען שוין געווידמעט געוואָרן דער געשיכטע פון חסידות מיט זיינע פּראָבלעמען און אַנשויאונגען, די רבּישע דינאַסטיעס, „הויפן" און צדיקים. עס וועט גענוג זיין, אַז מיר וועלן דערמאָנען — פון איין זייט — די וויכטיקע היסטאָרישע אַרבעטן פון ר' אהרן מאַרקוס, דובנאָוו, האָראָדעצקי און בובער, און פון דער אַנדערער זייט — די דערציילונגען פון שטיינבערג, פּרץ, אַש, עגנון און שניאורסאָן, בכדי מיר זאָלן קענען פעסטשטעלן די גרויסע ענדערונג, וואָס איז אַריינגעטרעטן אין דער באַציאונג און אינם צוגאַנג צו דער חסידישער באַוועגונג, אירע שעפער און פירער.

אָבער, נישט געקוקט, אויף דער גרויסער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס איז שוין געווידמעט געוואָרן דעם חסידות, האָבן די פאָרשער ביז איצט באַוויזן אַרומצונעמען און צו באַלייכטן נאָר אַ טייל פון די דאָזיקע פּראָבלעמען און שאַפונגען און אָפט זיי אפילו באַהאַנדלט בלויז לייכט און אויבנאויפיק. איינער פון די פאָרשער האָט באַזירט זיין וויכטיקע אַרבעט אויף אַן ערך צוויי הונדערט חיבורים פון דער חסידות-ליטעראַטור. אַ צווייטער, וועלכער האָט גרונטלעכער פונם ערשטן געקענט דעם פאָרשונגס-אָביעקט, האָט דערגרייכט ביז פיר הונדערט ספרים. אָבער אין אמתן איז די חסידישע ליטעראַטור פיל רייכער. איר ביבליאָגראַפישער אינדעקס וועט, לויט מיין אָפּשאַצונג, אַרומנעמען העכער טויזנט צוויי הונדערט חיבורים, נישט נעמענדיק שוין דערביי אין אַכט די

גרויסע צאָל אויפלאַגעס אין וועלכע פיל פון זיי זיינען דער־שינען.

ביי־היינט־צו־טאָג איז דאָס חסידות געוואָרן אַ זייער פּאָ־פּולערע טעמע, אַ מין „סחורה עוברת לסוחר". אַפילו אַזאַ פון דער דאָזיקער טעמאַטיק ווייטער שרייבער ווי אי־ליאַ ערנבורג, האָט געווידמעט דעם חסידות אַ גרויסן קרי־טישן עסיי און אַזאַ פּערזאָן, ווי העגרי וואַללאַס, דער געוו. וויצע־פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט זיך גע־לאָזט הערן מיט זיין וואָרט פון באַגייסטערונג פאַר אָט דער גרויסער מיסטישער באַוועגונג, הגם זיינע ידיעות וועגן חסי־דות האָט ער געשעפּט נישט פון אָריגינעלע, יסודותדיקע קוועלן. ניומאַנס גרויסע אַנטאָלאָגיע פון דער חסידישער לי־טעראַטור אין דער ענגלישער שפּראַך, איז במשך פון אַ קור־צער צייט פאַרשפּרייט געוואָרן אין צוויי אויפלאַגעס.

די חסידישע ליטעראַטור, וואָס נעמט אַרום אַ פּעריאָד פון בערך צוויי הונדערט יאָר, רופט אַרויס אונזער באַוואונדע־רונג נישט נאָר מיט איר כמותדיקער רייכקייט; זי צייכנט זיך אויך אויס מיט איר פולפאַרביקייט און רייכער טעמאַ־טיק. זי נעמט אַרום פיל דענקונגס־ און שאַפונגס־געביטן, פירושים אויף דער תורה און פאַרטייטשונגען פון מאמרי־חז"ל, דרשות און הדרנים, מגידות און מוסר, שמועסן און משלים, צוואות, גראַמען, דערציילונגען און לעגענדעס. גענוי אַזוי ווי עס זיינען ווייט פון זיך, איינער פונם צווייטן, די פאַרשידענע רבישע געשטאַלטן לויט זייער „גאַנג" אין חסי־דות, זיינען אויך פאַרשידן זייערע אויסדרוק־מיטלען און שאַ־פונג־פאָרמען. יעדער איינער טיילט זיך אויס מיט זיין אייגנ־אַרטיקייט. עס זיינען, למשל, גאַנץ אַנדערש ר' יעקב־יוסף פון

פוילנאה, — דער בעל ה„תולדות", רבי משה חיים אפרים פון סעדילקאָוו, דער „דגל מחנה אפרים", דער רבי ר' אלימלך פון ליזענסק — דער בעל „נועם אלימלך" — פון ר' פנ־חסל קאָריצער, ר' נחמן בראצלאווער און ר' אברהם־דוב אווורוטשער („בת העין"), עס איז אַנדערש דער צדיק ר' ברוכל מעזשיבעזשער („בוצינא דנהורא") פון ר' שניאור זלמן מלאדי, דעם בעל ה„תניא" און שפּעטער פון דער חב"דישער שיטה, עס איז אויך אַנדערש דאָס צאַנזער „הויז" פון ריזשינער. נישט געקוקט אויף די בשותפותדיקע יסודות פון גאַנצן חסידות, מיט זיינע אַלע שטרעמונגען און „הויפן", טיילן זיך פאַרשידנאַרטיק אָפּ די באַזונדערע דינאַסטיעס איינע פון דער אַנדערער.

עס אונטערשיידט זיך דאָס טשערנאָבילער „הויז" פון ר' מעבעלע זלאָטשעווערס געגנט אַזוי, ווי עס זיינען פאַראַן פיל אונטערשיידן צווישן פוילישן און גאַליציאַנער חסי־דות. דאָס געמיינזאַמע, וואָס פאַרבינדט זיי אָבער איז דאָס, וואָס די דינאַסטיעס און „הויפן" ביי די פאַרשידענע ניוואַנסן, ציען זיך אַלע צו זייער געמיינזאַמען שטאַם, צום בעל־שם־טוב און זיינע תלמידים, און אַלע צוזאַמען האָבן זיי געבילדעט די גרויסע, פראַכטפולע חסידישע באַוועגונג.

ביים היינטיקן טאָג, דאַרפן מיר באַטראַכטן די באַוועגונג פון היסטאָרישן אַספּעקט און זעען זי מיט איר גאַנצער גרויסקייט און שיינקייט, נישט באַהאַלטנדיק אָבער אויך דערביי די שאָטן־זייטן — די „נפילות" — לויטן חסידישן אויסדרוק. איצט, ביי איר פאַרגייען און סוף פון איר היס־טאָרישער אויפגאַבע, איז געקומען די שעה, אַז עס זאָל זיך

באווייזן אַ גרויס און אַלזייטיק ווערק, געשריבן מיט וויסן און טאַלאַנט, וועגן אָט דער פילפאַרביקער באַוועגונג; אַ ווערק, וואָס זאָל זי פאָרשטעלן מיט וויסנשאַפטלעכן אָביעקטיוויזם און זאָל רעזומירן די גרויסע באַדייטונג פון די געדאַנקען, וואָס דאָס חסידות האָט אַנטוויקלט — זיין צושטייער צום אוצר פון דער יידישער, מקורותדיקער מחשבה; זיין סאָציאַלן מעמד, קולטורעלע און ליטעראַרישע ווערטן, זיינע פּראָבלעמען און חידושים, און אויך — פירער און באַגרינדער. אין דעם חורבן אייראָפּעאישן גלות, זיינען באַגראָבן געוואָרן אונטער די חורבות די שרידים פון אָט דער גרויסער באַוועגונג, וועלכע האָט נאָך פאַרמאָגט פיל געזונטע יסודות, לעבעדיקע און ווירקנדיקע ווערטן. גרויסע גייסטיקע אוצרות זיינען צו־גרונט געגאַנגען און מיר טאָרן זיי נישט פאַרגעסן. עס איז דער חוב פון די, וואָס קענען און זיינען באַרופן דאָס צו טון, צו דערקלערן און פאַרטייטשן פאַר אַלע טיילן פון אונזער פאָלק, פאַר די אַלע וואָס שטאַמען נישט פון די לענדער פון חסידות, און האָבן עס נישט געקענט פון דער נאָענט, ווי למשל, פאַר די מזרח־יידן און באַזונדער פאַר אונזער יוגנט, וואָס האָט אַ זייער אָרעמען באַגריף וועגן דער באַוועגונג, — וואָס עס איז געווען פאַר אונז דאָס חסידות; דעם פּלאַץ וואָס עס האָט פאַרנומען אינם יידנטום און די אייביקייטס־ווערטן וואָס עס האָט אונז געגעבן. עס איז מיין כוונה מיט דער דאָזיקער אַרבעט צו געבן אַ באַשיידענעם צושטייער צו דעם גרויסן ווערק, וואָס איך האַלט אויך פאַר וויכטיק בכדי קענען־צו־לערנען די פאַרשידענע שטרעמונגען און באַוועגונגען אינם יידנטום.

איך וויל דאָ באַלייכטן נאָר איין קליין ווינקל פונם חסידות,

וואָס איז אַממערסטן פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן אין אונזער נייער פאָרשונג — געבן אַן איבערבליק איבער זיין פאָלקלאָר.

דער חסידיזם איז געווען אַ פאָלקס־באַוועגונג און דערי־בער זיינען אַזוי שטאַרק און בולט אין אים די פאָלקסטימ־לעכע יסודות. ער האָט געגעבן די אַלע, וואָס האָבן זיך אין אים אָנגעשלאָסן אַלץ וואָס איז נויטיק: נישט נאָר ספרים אַריינצוטראַכטן אין זיי און טיפזיניקע שמועסן, נאָר אויך האַרציקע, שפּאַנענדיקע פאָלקס־דערציילונגען און לייכטע שמועסן וואָס דערפרייען דאָס האַרץ פון זייערע צו־הערער, קורצע שאַרפזיניקע ווערטלעך, שפּאַסן און וויציקע מעשיות, לידער און ניגונים, משלים און אגדות, וועלכע באַ־גייסטערן די פאַנטאַזיע. זייער הויפּט־ציל איז גע־ווען צו שטאַרקן דעם גלויבן אין צדיק און די נשמהדיקע צוגעבונדנקייט צו דער באַוועגונג און איר לערע.

די שעפער פון חסידות און זיינע באַגרינדער זיינען געווען נאָענט צו די פאָלקס־מאַסן און פאַרשטאַנען די שפּראַך פון זייער האַרץ. זיי האָבן ליב געהאַט דאָס פאָלק און באַמיט זיך צו שאַפן פאַר אים, צו געבן אים זיין גייסטיקע שפּייז, וואָס זאָל זיין באַטעמט און לייכט צום פאַרדייען. פיל פון זיי האָבן אויך גערעדט מיט דער שפּראַך פון פאָלק און מיט זיינע פּשוטע אויסדרוקן קלאָר געמאַכט און זיי געגעבן צו פאַרשטיין די געדאַנקען פון דער באַוועגונג און אירע יסודות. אַ טייל האָבן פיל צייט פאַרקערט צווישן די פּשוטע פאָלקס־מענטשן און מיט זיי פאַרברענגט און ווען איינער פון די תלמידים האָט אַמאָל געפרעגט דעם צדיק ר׳ משה לייב סאַ־סאָווער פאַרוואָס ער חברט זיך מיט „פּראָסטע" מענטשן און עם־ארצים, האָט ער געענטפערט: ניין משה־לייבס זיינען

נישט קיין מנין, אָבער צען פּשוטע שניידערס זיינען יאָ אַ מנין...

צווישן די צדיקים זיינען פאַראַן אַ סך עכט־פאָלקסטימ־לעכע געשטאַלטן, וועלכע בילדן אַ מין באַזונדערע ריכטונג אין חסידות, ווי דער רבי ר׳ זושא האַניפּאָלער, ר׳ לייב שרהס, ר׳ הירש משרת פון רימאַנאָוו, ר׳ מאיר׳ל פּרעמישלאַנער און אַנדערע. אין די „הויפן" פון באַזונדערע צדיקים, וואו עס פלעגן זיך צונויפקומען טויזנטער חסידים, זיינען געשאַפן געוואָרן אייגנאַרטיקע חסידישע מנהגים, ווי אַן אָריגינעלער פאָלקסטימלעכער און פאַרשידנפאַרביקער לעבנס־שטייגער. איך וויל אין מיין איצטיקער אַרבעט אַרויסברענגען עפּעס וואָס פון די דאָזיקע רייכע פאָלקלאָר־קוואַלן, וואָס זאָל אויך זיין אַ דערגענצונג צו מיין ספר „דאָס חסידות און ארץ־ישראל", (דערשינען אין יאָר ת"ש) און צו מיין גרויסן „ספר החסידות", וואָס איז איצט דערשינען אין תל־אביב.

ישראל בן מוה"ר אליעזר זלה"ה

פאַקסימיליע פון ר׳ ישראל בעל שם טוב׳ס אונטערשריפט

# ב.

די כוונות פון דער חסידישער אגדה. — שבחי הבעש"ט און אַנדערע אגדה-זאַמלונ-גען. — די מצוה צו דערציילן מעשיות. — די בראַצלאַווער תפילה אויף ספורי-צדיקים.



חסידישע אגדה איז אַ קאָלעקטיווע, אַנאָנימע שאַפונג, אַן אמתע פאָלקס־שאַפונג. מיר קענען נישט איר שעפער, איר מחבר. אין בעסטן פאַל ווייסן מיר נאָר ווער עס האָט פאַרצייכנט די אָדער יענע מעשה, ווער עס גיט זי איבער דער ערשטער, ווער עס האָט צוזאַמענגעקליבן אָדער צוזאַמענגעשטעלט די באַזונדערע זאַמלונגען. די אגדה איז געקומען בכדי צו דינען דעם פאָלק, צו געבן גייסטיקע שפּייז די פאָלקס־מאַסן. איר הויפּט־כוונה איז צו דערהויבן דעם צדיק און שטעלן אים אין צענטער פון דער פאַראינטערעסירונג, פאָרצושטעלן אים ווי אַ געטלעכן מענטש מיט דערהויבענע אייגנשאַפטן; אַרויסברענגען זיין לעבנס־שטייגער און „גאַנג" אין דער הייליקייט. ער איז דער מענטש, מיט וועלכן עס געשעען ניסים און ווערט באַטראַכט אַנדערש ווי עס איז געוויינלעך אָנגענומען. די מופתים, וואָס דער צדיק קען באַווייזן, ווי: היילן קראַנקע, העלפן אין אַן עת־צרה, מבטל־זיין — מיט זיינע תפילות — שלעכטע גזרות א. ד. גל., זיינען נאָר אַ קלענערע מדרגה פון צדיק און די ערשטע, אַלטע און אמתע חסידים פלעגן אפילו נישט האַלטן פון דערציילן מופתים פון דעם אַרט. די מופתים פלעגן איבערגעגעבן ווערן הויפּטזעכלעך דורך די מאַסן, כאָטש אָפטמאָל ווערן זיי געברענגט אויך אין עיון־ספרים פון צדיקים, עס איז אָבער נאָר דרך אגב, „מסיח לפי תומו"דיק, נישט דאָס איז דער עיקר. דער צדיק זעט אַלצדינג, די מחיצה פון צייט און אָרט עק־

זיסטירט נישט פאַר אים, ער זעט־פֿאָר וואָס עס וועט געשען, פאַר אים איז אַלץ פון פֿאָרויס באַוואוסט, ער רופט אַרויס הייליקע פונקן און איז מתקן תיקונים, טוט־אויף גרויסע זאַכן, מיט זיינע תפילות און יחודים, ער איז בבחינת „צדיק גוזר והקדוש־ברוך־הוא מקיים".

די חסידישע אגדה שטעלט אַוועק דעם צדיק ווי אַ מוס־טער. ער איז אַ ביישפּיל מיט זיין דאַוועגען, דבקות, באַשיידנ־קייט און ערלעכקייט, מיט זיין ברייטהאַרציקייט און ליבע צו גאָט און זיין פֿאָלק ישראל. פֿון זיינע מעשים דאַרף מען זיך אָפּלערנען און זיי נאָכפֿאָלגן דורך אַ דערנענטערן־ און באַ־העפטן־זיך צו אים. דער גרויסער אויטאָריטעט מיט וועלכן עס ווערט באַשאָנקען דער צדיק אין דער חסידישער אגדה און וואָס האָט באַקומען זיין אידעאישע גרונדלאַגע אין פיל עיון־ספרים, האָט אויך געדינט ווי אַ דערציערישער, ווירקנדיקער און שעפערישער כוח אין חסידות, אים געפֿאָ־רעמט ווי אַ באַוועגונג, אַ געזעלשאַפטלעכע קערפּערשאַפט, און באַזונדערע געמיינשאַפט. די חסידישע דערציילונגען, וואָס זייער צענטראַלע פיגור איז, ווי געזאָגט, דער צדיק און טיילמאָל — אַן אומבאַקאַנטער ביי זיין ריכטיקן נאָמען נישט אָנגערופענער פֿאָלקס־מענטש — דער איינצלנער חסיד, אָדער די גאַנצע חסידישע געמיינשאַפט — זיינען דערציילט פֿון עדי־ראיה, מקורבים, באַגלויבטע, נאָענטשטייענדיקע מענטשן, און דערנאָך זיינען זיי איבערגעגעבן געוואָרן פון מויל־צו־מויל. זיי האָבן זיך פאַרשפּרייט צווישן פֿאָלק, ביז זיי זיינען פאַרצייכנט געוואָרן און מ'האָט זיי צוזאַמענגעקליבן אין באַזונדערע ספרים און זאַמלונגען. די צאָל פון די דאָ־זיקע אגדות דערגרייכט פיל טויזנטער.

די ערשטע חסידישע אגדה־זאַמלונג איז דער „שבחי הבעש״ט", וואָס איז אין יאָר תקע״ה צוויי מאָל דערשינען אין דרוק, אין קאפאסט און אין בערדיטשעוו. פאַר דעם זיינען צווישן חסידים אַרומגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט פיל פון דעם כתב־יד געמאַכטע אָפּשריפטן. אין משך פון צוויי יאָר איז דאָס ספר דערשינען אין פינף אויפלאַגעס און פון דעמאָלט אָן איז עס איבערגעדרוקט געוואָרן צענדליקער מאָל אין העברעאיש און אין יידיש און איז צאָלרייך פאַרשפּרייט געוואָרן. דאָס ספר אַנטהאַלט וואונדער־דערציילונגען וועגן דעם שעפער פון דער באַוועגונג, ר׳ ישראל בעל־שם־טוב, פון טאָג פון זיין געבוירן ביז זיין הסתלקות, וועגן זיין לע־בנס־שטייגער און זיין באַציאונג צו די מענטשן פון זיין קרייז און אויך וועגן זיינע תלמידים און מקורבים. עס אונ־טערליגט נישט קיין שום ספק, אַז דאָס ספר פאַרדינט אַ באַ־זונדערע אָפּהאַנדלונג און אָפּשאַצונג, וואָס נישט דאָ איז דאָס אָרט פאַר דעם, אָבער איך וויל בלויז אָנווייזן אויף דעם מערקווירדיקן פאַקט, אַז די אגדות זיינען טיילווייז פאַרפאַסט געוואָרן נאָך ביים לעבן פון בעש״ט און אין גרעסטן טייל — האַרט פאַר זיין פטירה. דער שעפער פון דער חסידישער באַוועגונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעגענדאַרער גע־שטאַלט. אַלע ביאָגראַפישע ידיעות וועגן זיין לעבן זיינען איינגעהילט אין געהיימעניש און פאַרוועבט מיט לעגענדעס.

אויסער דעם „שבחי הבעש״ט" זיינען נאָך פאַראַן אין אַ גרויסער צאָל אגדה־זאַמלונגען וועגן אַנדערע צדיקים, וועגן אַ טייל—באַזונדערע ווי: שבחי מהר״ן, שיחות מהר״ן, מסעות הים, ימי מהרנ״ת, מגיד־שיחות — וועגן ר׳ נחמן בראַצלאַ־ווער; שבחי הרב — וועגן ר׳ שניאור־זלמן מלאדי; אוהל

אלימלך — וועגן רבין ר׳ אלימלך פון ליזענסק; נפלאות בית־לוי — וועגן ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער; תפארת מהרא״ל—וועגן ר׳ אריה־לייב, דעם „שפּאָליער זיידע״; שמע שלמה — וועגן ר׳ שלמהלע קארלינער; מגדל דוד — וועגן ר׳ דודל לעלעווער, נפלאות היהודי — דעם „יוד הקדוש״ פון פשיסכע; אור המאיר — וועגן ר׳ מאירל פּרעמיש־לאַנער, בית־ישראל — וועגן דעם ריזשינער „הויז״ און פיל אַנדערע. די צאָל פון אַלגעמיינע אגדה־זאַמלונגען דער־גרייכט אין די צענדליקער; עדת־צדיקים, מעשיות־צדי־קים, ספורי־צדיקים, שפתי צדיקים, מעשה צדיקים, אהלי צדיקים, מפעלות צדיקים, בית־צדיק, קהל חסידים, דברים ערבים, קהל קדושים, עשר אורות, עשר צחצחות, עשר קדו־שות, עשר עטרות, שמועות טובות און פיל אַנדערע אין העברעאיש און אין יידיש.

ביים חסידות איז די אגדה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הייליקער זאַך. דער חסיד האָט נישט בלויז געגלויבט אין דעם דערציילטן, ער האָט אויך ליב געהאַט צו הערן די מעשיות וואָס מערער און האָט געהאַלטן פאַר זיינס אַ חוב אויס־צולערנען זיך זיי אויף אויסוווּיניק, בכדי ער זאָל זיי קענען נאָכדערציילן פאַר אַנדערע, פאַר גרויס און קליין. ביי יעדן צוזאַמענקומען זיך און ביי יעדער געלעגנהייט, פלעגט מען דערציילן די אַלע מעשיות. יעדעס אָרט האָט פאַרמאָגט אַזעלכע שמועסער, וואָס פלעגן זיך אויסצייכענען מיט זייער־ערע דערציילערישע פעאיקייטן און זיי פלעגן זיין די ראשי־המדברים. אויך דער צדיק אַליין פלעגט דערציילן. עס זייי־נען געווען אַזעלכע מעשיות, וועלכע ער האָט געלעגנהייט־לעך איבערדערציילט אייניקע מאָל. אַזאַ זאַך פלעגן די חסי־

דים באַטראַכטן פאַר באַזונדער וויכטיק. ביים „פירן־טיש", שבת און יום־טוב, אָדער אַנדערע פייער־טעג פלעגט דער רבי נישט נאָר זאָגן „תורה", נאָר אויך דערציילן אגדות און מעשיות, וועלכע יעדער איינער פון די צוהערער האָט גע־קענט פאַרשטיין און באַגרייפן לויט זיין מדרגה, שטייגער און אויפפאַסונגס־כוח. ווי עס שרייבט דעם בעל־שם־טובס אייניקל און פאַרטייטשער פון זיין לערע ר' אפרים־חיים סעדילקאָווער, דער „דגל מחנה אפרים" מיט זיין תמימותדי־קער שפּראַך: „אָפטמאָל זיצט דער צדיק צווישן אַ פּאָר מענטשן און שמועסט מיט זיי, דערציילט זיי וועגן געוויינ־לעכע, גשמיותדיקע ענינים, וואָס עס דאַכט זיך, אַז זיי זיינען דברים בטלים, אָבער אין דער ריכטיקייט, איז דער צדיק, וואָס זיצט צווישן זיי, באַהאַפטן מיט זיינע געדאַנקען צו גאָט און טראַכט דורך די ווערטער מיט וועלכע ער רעדט, כאָטש פאַר זיי זיינען זיי געוויינלעכע, ווי דברים בטלים. ער זעט אין זיי גייסטיקע, הייליקע זאַכן".

דאָס חסידות פאַרמאָגט אַפילו אַ באַזונדערע, לאַנגע תפילה פאַר דערציילן סיפורי־צדיקים. זי איז אָנגענומען און ווערט באַזונדער אָפּגעהיטן דורך די בראַצלאַווער חסידים. אין דער תפילה ווערט צוו. אַנד. געזאָגט „רבונו של עולם, אתה האל עושה פלא ואתה עושה נפלאות בכל דור ודור על ידי הצדיקים האמיתיים שבכל דור, כאשר אבותינו ספרו לנו את כל הגדולות והנפלאות והנסים הגדולים והמופתים הנוראים אשר עשית בכל דור ודור ע"י צדיקיך האמתיים מי־מות עולם עד היום הזה. וגם בדור הזה בודאי נמצאים צדי־קים בעלי מופתים אמתיים ובכן זכני ברחמיך הרבים ועזרני והושיעני וחזקני ואמצני שאזכה לספר ספורי מעשיות של

צדיקים אמתיים, מכל מה שעבר עליהם בימיהם, הן מה שעבר עליהם בעצמם והן מה שעבר על בניהם ועל כל הנלוים עליהם, וכל האותות והמופתים הגדולים והנוראים שעשו בעולם באתגליא ובאתכסיא, וכל הדברים הקדושים והתגלות אלהות שהמשיכו בעולם, הכל אזכה לשמוע היטב באזני ובלבי ולשיח ולספר בהם תמיד. למלא פי תהלתם כל היום, כי תהלתם היא תהלתך ותפארתם היא תפארתך"...

און נישט אומזיסט האָט געזאָגט ר' פּנחסל קאָריצער אַז יעדעס פאַרגעניגן שטאַמט פון גן־עדן, אַפילו אַ שיינער שפּאַס, מכל שכן דאָס פאַרגעניגן וואָס מען האָט פון אַ חסידישער מעשה.

פאַקסימיליע פון דער אונטערשריפט פונם רבין ר' בער, דעם מעזריטשער „מגיד"

## ג.

דאָס לעבן — אַ לערן־ספר. — ר׳ משה לייב סאַסאָווער לערנט פון אַ גנב. — דער „שפּאָליער זיידע" און דער קונצן־מאַכער. — די טעכנישע דערפינדונגען אין די אויגן פון ר׳ דודל פון טאַלנע. — די באַן און ר׳ מאירל פּרעמישלאַנער. — דער בעש"ט לאָזט ביי זיך נישט קיין געלט איבער נאַכט. — דער זיפץ פון מעזריטשער מגיד. — ר׳ נחומטשע טשערנאָבילערס מתנה. — ר׳ חיים צאַנזערס פּזרנות. — ר׳ שמעלקע ניקעלשבורגער און דער אָרעמאַן. — די צדקה־מעשים פון ר׳ מענדעלע רימאַנאָווער. — ר׳ הירש רימאַנאָווערס שטייגער אין צדקה־געבן.



עדע חסידישע אגדה פאַרמאָגט אין זיך עפּעס באַלערנדיקס — אַ מוסר השכל.

בדרך כלל האָבן די חסידים ליב געהאַט צו לערנען פון יעדער זאַך, פון יעדן מענטש און פון יעדער לעבנס־דער־שיינונג. דאָס לעבן איז אַ גרויס, אָפן, לערן־ספר, וואָס יע־דער איינער קען אין אים לייענען און עס איז נישטאָ קיין זאַך אין דער וועלט, פון וואָס מ׳זאָל נישט קענען עפּעס זיך אָפּלערנען.

איינער פון די גרויסע רביים האָט אַמאָל געזאָגט, אַז דריי זאַכן האָט ער זיך אָפּגעלערנט פון אַ קינד: א) עס זיצט קיינמאָל נישט ליידיק; ב) וויינט ווען עס פאַרלאַנגט עפּעס; ג) ווען עס ווערט דערפילט זיין בקשה, פאַר־שווינדט דאָס טרויעריק־זיין און עס ווערט פריילעך.

ר׳ משה לייב סאַסאָווער האָט „געלערנט" פון אַ גנב זיבן זאַכן: א) זיין הויפּט־„אַרבעט" (עבודה) איז ביינאַכט; ב) נאָך מער: יעדע נאַכט! נישט דורכלאָזן אפילו קיין איינע; ג) טון אַליין, וואָס מ׳קען נאָר באַווייזן, מערער אָדער ווינציקער; ד) נישט אויסגעבן קיין סוד; ה) נישט מודה זיין זיך פאַר דעם, וואָס צווינגט דיך צו דעם, אפילו דורך שלאָגן; ו) נישט מסרן קיין חבר; ז) מ׳קען פאַרלירן אין איין שעה אַליין, וואָס מ׳האָט זיך, מיט מי און מאַטערניש, דערוואָרבן במשך פון אַ לאַנגער צייט.

ר׳ אריה לייב, דער „שפּאָלער זיידע" האָט אויסגעפונען וואָס אָפּצולערנען פון קונצן־מאַכער. חסידים דערציילן: דער

„זיידע" האָט אַמאָל געהערט, אַז אין שטאָט איז גע־
קומען איינער, וואָס האָט געוויזן די קונץ פון טאַנצן אויף
אַ שטריק. האָט ער געזאָגט צו זיינע חסידים: קומט און
מיר וועלן גיין זען! האָבן זיי זיך געוואונדערט און געפרעגט
איינער דעם אַנדערן: וואָס איז אַזוינס געשעען מיטן רבין,
וואָס ער וויל גיין זען ווי מ'טאַנצט אויף אַ שטריק? זיי
האָבן נישט פאַרשטאַנען, ווער גייט דען אַנקוקן אַזאַ זאַך?
— עם־הארצים, בעלי־עגלה'ס, אָבער זייער רבי ? ! זיי האָבן
אים גענומען צורעדן, אַז ער זאָל נישט גיין, ווייל דאָס איז
נישט לפי כבודו. דער „זיידע" האָט אָבער דאָך געוואָלט
גיין. איז ער אַוועק מיט זיי, געשטאַנען און זיך צוגעקוקט
צו דעם וואונדער־שטיק. אַהיימגייענדיק האָט ער געזאָגט צו
די חסידים: — מען קען זיך אָפּלערנען יראת־שמים פון
אָט דעם טענצער. ער איז זיך מוסר־נפש, שטעלט איין זיין
לעבן פאַר קאָפּיקעס, אָבער ווען ער גייט אויפן שטריק
ווענדעט ער דערויף אָן אַלע זיינע געדאַנקען און אויב ער
וועט נאָר בלויז אויף איין קורצע ווײַלע מסיח־דעת זיין,
וועט ער אַראָפּפאַלן און געניזוקט ווערן. אויך ביי מלאכת
שמים, כאָטש מ'באַקומט אַ שכר פאַר דעם — טאָר מען
נישט בשעת מעשה אין זינען האָבן עפּעס אַנדערש...

דער רבי ר' דודל פון טאַלנע האָט אָנגעוויזן זיינע חסי־
דים, וואָס צו לערנען פון די דריי דערפינדונגען אין זיין
צייט: באַן, טעלעגראַף און טעלעפאָן. ער פלעגט זאָגן: די
באַן לערנט אונז שנעלקייט, אַז אפילו מיט איין מינוט קען
מען פאַרשפּעטיקן; דער טעלעגראַף — אַז יעדעס וואָרט
איז געלט, און דער טעלעפאָן, אַז מען רעדט „דאָ", הערט

מען „דאָרטן" — און ער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל.

ר׳ מאירל פּרעמישלאַנער האָט זיך באַצויגן מיט ביטול צו דער באַן, וואָס האָט אָנגעהויבן צו קורסירן אין זיין צייט צווישן פּרעמישלאַן און לעמבערג, דער הויפּט־שטאָט פון גאַליציע. „וואָס איז דער אויפטו מיט דער באַן?" — האָט ער אַמאָל געפרעגט זיינע מקורבים — און ווען דער „פּיקח" פון זיי האָט אים געפּרואווט צו פאַרטייטשן, אַז אַנשטאָט צו פאָרן פון פּרעמישלאַן קיין לעמבערג אַ גאַנצע נאַכט און נאָך מער, וועט מען קענען אָנקומען אין צוויי שעה צייט, האָט ר׳ מאירל אַ פרעג־געטון: און וואָס איז דען דאָס איילעניש?...

ווען דאָס חסידות וויל אָנווייזן אויף דער גרויסער וויכ־טיקייט פון דער מצווה צו געבן צדקה, וואָס איז אגב איינע פון זיינע הויפּט־עלעמענטן, דערציילט עס וועגן די צדקה־מעשים פון די גרויסע חסידישע צדיקים. אַזוי, למשל, ווערט איבערגעגעבן וועגן בעל־שם־טוב, אַז ביי אים אין הויז פלעגט קיינמאָל נישט בלייבן קיין געלט איבער נאַכט. בכלל איז ער נישט געגאַנגען שלאָפן ווען עס איז נאָך געווען געלט אין הויז. דאָס, וואָס פלעגט אים בלייבן נאָך די טאָג־הוצאות, האָט ער צעטיילט צדקה. איינמאָל צוריק־קומענדיק פון אַ נסיעה און האָבנדיק ביי זיך געלט, האָט ער שנעל געלאָזט באַצאָלן זיינע חובות, און צעטיילט צדקה צווישן די אָרעמעלייט פון דער שטאָט; ווען ס׳איז אים אָבער נאָך געבליבן אַביסל מזומנים, האָט ער זיינע תלמידים גע־הייסן נאָכזוכן און זיך דערוויסן אין שטאָט, צי עס איז פאַ־ראַן עמיצער, וועמען מ׳דאַרף נאָך געבן צדקה. אין צווישנ־

צייט האָט די רביצין גענומען אַ פּאָר מטבעות, פונם געלט, כדי נישט צו דאַרפן אויפצומאָרגנס נעמען אין געוועלבל אויף־באָרג. ביינאַכט האָט דער בעש"ט פלוצלינג דערפילט עפּעס אַ שטערונג אין זיין עבודת־ה'. ער האָט נישט גע־קענט לערנען און תפילה טון ווי עס באַדאַרף צו זיין. ער האָט אָנגעהויבן נאָכפאָרשן די סיבה פון דער זאַך און זיך דערוואוסט וועגן דעם וואָס די רביצין האָט געטון. דער בעש"ט האָט זיך דאַן צוגעאיילט און נאָך אין דער זעלבער נאַכט האָט ער צונויפגערופן אָרעמעלייט און צווישן זיי צעטיילט דאָס געלט, וואָס זי האָט געהאַט גענומען.

וועגן דעם „גרויסן מגיד" פון מעזריטש, ר' דוב בער, ווערט דערציילט, אַז אַמאָל, נאָך פאַר זיין נתגלה ווערן, האָט זיך פאַר אים געקלאָגט זיין ווייב אויף דער נויט, וואָס הערשט אין שטוב. דער „מגיד" האָט, דאָס אויסהערנדיק, דאָס ער־שטע מאָל אין זיין לעבן, אַ זיפץ געגעבן אויף זיין גורל. עס איז דאַן באַלד אַרויס אַ בת־קול פון הימל, אַז צוליב דעם זיפץ האָט ער פאַרלוירן זיין חלק עולם הבא. אַז דער „מגיד" האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך שטאַרק געפרייט: „פון איצט־אָן וועל איך דינען דעם רבונו־של־עולם שלא על מנת לקבל פרס". איז ווידער אַרויס אַ בת־קול פון הימל און אויסגערופן, אַז צוליב דער פרייד, גיט מען אים צוריק אָפּ זיין חלק עולם הבא. דער מגיד האָט זיך שוין מער נישט באַקלאָגט און געזיפצט אויף זיין מצב...

ר' נחומטשע טשערנאָבילער האָט אַמאָל געגעבן אַן אָרע־מאַן אַ גרויסע נדבה און זיין זיידענעם שבת־מלבוש. דער אָרעמאַן, וועלכער האָט ליב געהאַט צו טרינקען, איז אַוועק־געלאָפן אין שענק אַריין מיט דעם געלט. אַז ר' נחומטשעס

חסידים האָבן דאָס געזען, האָבן זיי ביי אים צוגענומען דאָס איבערגעבליבענע געלט און אים אַוועקגעשלעפּט צום רבין. ר' נחומטשע האָט אָבער צו זיי געזאָגט: גיט־אָפּ צוריק דעם אָרעמאַן מיין מתנה. אין די הימלען רופט מען אוים: — נחום טשערנאָבילער האַלט זיך ביי די מידות פון זיין באַשעפער, וואָס איז אַ „טוב ומטיב לרעים ולטובים", און איר ווילט מיך מבטל זיין פון דעם?...

אַן ענלעכע געשיכטע דערציילט מען אויך וועגן ר' חיים צאַנזער. ר' חיים פלעגט זיך נוהג־זיין יעדן דאָנערשטיק צו צעטיילן צדקה בסתר צווישן די נישט באַקאַנטע אָרעמעלייט אין זיין שטאָט, נאָר זיין ווייב און דער משמש האָבן וועגן דעם געוואוסט. איינמאָל, ערב שבת, ווען די רביצין איז גע־קומען אין געוועלב אַריין קויפן פיש, האָט איר דער קרע־מער געזאָגט, אַז ער האָט שוין קיין פיש; נאָר איין טייערער פיש איז געווען האָט אים עמיצער שוין געקויפט. די רביצין האָט געוואוסט, אַז דער קונה איז איינער פון די, וואָס באַקומען צדקה בסתר פון איר מאַן. אַהיימקומענדיק האָט זי דאָס דערציילט דעם רבין און צוגעגעבן, אַז לויט איר מיינונג דאַרף דער דאָזיקער „אָרעמאַן" מער נישט גע־ניסן פון זיין צדקה. דער רבי האָט אָבער באַלד באַפוילן אים מוסיף צו זיין און געבן נאָכמער ווי ביז דאַן. ער האָט תמימותדיק געזאָגט: „כ'האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז דער ייד דאַרף האָבן אויך טייערע פיש, אויב אַזוי — מוז מען דאָך אים מוסיף זיין"...

די חסידישע אגדה דערציילט זייער פיל וועגן ר' חיימס פזרנות אין צדקה־געבן. זיין אייגן הויז האָט ער געפירט אין דחקות און באַשרענקט זיינע הוצאות, אפילו קיין ספרים

פלעגט ער פאַר זיך נישט קויפן. די גאָלדענע טאַבאַק־פּושקע, וואָס ער האָט באַקומען אַלס מתנה פון אַ רייכן חסיד, האָט ער אוועקגעגעבן אַן אָרעמאַן צום פאַרמשכונען. די זילבערנע שבת־כלים פלעגט ער אויף אַ גאַנצע וואָך אָפּגעבן אַלס משכון און אויסלייזן זיי אין סאַמע ערב־שבת. דאָס געלט פון זיין הכנסה האָט ער צעטיילט צווישן אָרעמעלייט. די נדבות, וואָס ער פלעגט זיי געבן, זיינען געווען זייער גרויסע. מען דערציילט, אַז דער צאַנזער פּאָסט־לייטער האָט אַמאָל געוואָלט „אָפּקויפן" ר' חיימס „פדיונות" פון אַ גאַנץ יאָר פאַר אַ סומע פון אַכציק טויזנט גילדן — אויסער די סכומים, וואָס ער פלעגט באַקומען דירעקט פון די חסידים. ווען זיינע קינדער האָבן אים אַמאָל געפרעגט פאַרוואָס ער איז אַזוי מפזר זיין פאַרמעגן צווישן אָרעמעלייט, פּשוטע מענטשן, וואָס האָבן זיך נישט פאַרדינט אויף אַזעלכע גרויסע נדבות, האָט זיי דער גאון און צדיק ר' חיים געענטפערט: מיינע טייערע קינדער, וואָס ווילט איר פון מיר, כ'האָב דאָך אין זיך נישט קיין תורה און נישט קיין עבודה, נאָר אַביסעלע גמילות־חסדים, ווילט איר עס אויך צונעמען פון מיר?...

ווען עס איז אַמאָל געקומען צו אים זיין זון, ר' ברוך גאָרליצער, און זיך באַקלאָגט, אַז ער דאַרף חתונה־מאַכן זיין טאָכטער און ער האָט נישט אויף קיין חתונה־הוצאות האָט אים ר' חיים געזאָגט, אַז ער האָט איצט נישט קיין געלט. אין אייניקע טעג אַרום זיינען קיין צאַנז געקומען אַ פּאָר רייכע חסידים און געגעבן ר' חיימען שיינע פדיונות. ר' ברוך האָט זיך מיט דעם זייער געפרייט, טראַכטנדיק ביי זיך, אַז איצט וועט אים שוין דער פאָטער אַרויסהעלפן. קו־

מענדיק צו אים, האָט ער איבערגעחזרט זיין פריערדיקע בקשה. ר׳ חיים האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט שוין דאָס געלט אַוועקגעגעבן איינעם, אַן אָרעמאַן. ווען דער זון האָט אָנגעהויבן פרעגן מיט וואָס ער איז ערגער פון אַ פרעמדן, האָט אים ר׳ חיים געענטפערט: „דו, מיין זון, וואו דו וועסט קומען און וועסט זאָגן, אַז דו ביסט ר׳ חיימס זון, וועט מען דיר געבן אויף הכנסת כלה, — אָבער יענעם אָרעמאַן, וועט נעבעך קיינער נישט געבן.״

עס איז אַמאָל געקומען אַן אָרעמע יידענע, אַ בת־טובים, און זיך באַקלאָגט פאַרן רבין, אַז זי האָט נישט אויף שבת. ר׳ חיים האָט זי געפרעגט: דו האַנדלסט דאָך מיט עפּל, פאַרוואָס פאַרקויפסטו זיי נישט? ווען זי האָט אים אויפ־געקלערט, אַז זי קען די עפּל נישט פאַרקויפן, ווייל די קונים זאָגן, אַז זיי זיינען פון אַ שלעכטן סאָרט, נישט קיין גוטע, איז ר׳ חיים אַוועקגעלאָפן מיט איר אין קראָם, אַוועקגע־שטעלט זיך הינטערן טיש און אָנגעהויבן אויסצורופן אויפן קול: ווער וויל קויפן גוטע עפּל אויף שבת? פאַרשטייט זיך, אַז מען איז זיך פון אַלע זייטן צוזאַמענגעלאָפן קויפן ביים רבין, צאָלנדיק פאַר די עפּל נאָך מער ווי זייער פּרייז איז געווען. נאָכן פאַרענדיקן דאָס פאַרקויפן האָט ר׳ חיים צאַנזער געזאָגט צו דער יידענע: דיינע עפּל זיינען גוטע, נאָר די קונים האָבן פריער וועגן דעם נישט געוואוסט...

צו ר׳ שמעלקע ניקעלשבורגער איז אַמאָל געקומען אַן אָרעמאַן און געבעטן אַ נדבה. ר׳ שמעלקע האָט גראַד ביי זיך נישט געהאַט קיין פּרוטה. אָבער אַרויסלאָזן דעם אָרע־מאַן מיט ליידיקע הענט, האָט ער נישט געוואָלט. האָט ער געזוכט ביי זיך אין שטוב, ביז ער האָט עפּעס געפונען.

ס'איז געווען זיין ווייבס פינגערל. ער האָט עס באַלד אָוועק־
געגעבן דעם אָרעמאַן. ווען זיין ווייב האָט אויפגעהויבן אַ
געוואַלט: וואָס האָסטו געטון — האָט זי געשריען — אין
דעם פינגערל איז דאָך געווען איינגעפאַסט אַ בריליאַנט...
האָט ר' שמעלקע געהייסן אויפזוכן דעם אָרעמאַן און אים
געלאָזט וויסן אַז אין דעם פינגערל איז איינגעפאַסט אַ טייַ־
ערער בריליאַנט און ער זאָל זיך חס ושלום נישט לאָזן אָפּ־
נאַרן און פאַרקויפן עס צו־ביליק.

ר' מענדעלע רומאַנאָווער האָט געפירט ביי זיך אין
שטוב אַ לעבן אין דחקות. אַ סך פון די הכנסות זיינע
האָט ער צעטיילט צווישן אָרעמעלייט און זיין אייגענעם
זון, וואָס איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, פלעגט ער געבן
נאָר אַ האַלבע פרנסה. דער זון איז געקומען פאַר אים
זיך קלאָגן: גיב מיר כאָטש אויף פרנסה בצימצום. ער
האָט באַקומען דעם ענטפער: מיין טייערער זון, אַז איך
וועל דיר געבן די גאַנצע פרנסה קענסטו נאָך חו"ח פאַר־
געסן, אַז מען דאַרף האָבן בטחון אין הקב"ה... ווען עס
איז אַמאָל געקומען צו אים אַן אָרעמאַן און זיך באַקלאָגט,
אויף זיין לאַגע, האָט ער באַלד אַרויסגענומען אַ סומע
געלט און אים געגעבן. דער אָרעמאַן איז אַוועקגעגאַנגען.
ר' מענדעלע האָט אים גלייך געלאָזט צוריקרופן און אים
צוגעגעבן נאָך אַ נדבה. ווען זיינע מקורבים האָבן אים
געפרעגט דעם באַדייט פון זיין התנהגות, האָט ער זיי מס־
ביר געווען: צוערשט, אויסהערנדיק די טרויעריקע געשיכ־
טע פון דעם אָרעמאַן, האָט מיר וויי געטון דאָס האַרץ און
איך האָב אים געגעבן אַ נדבה כדי איינצושטילן מיין צער.

דאָס צווייטע מאָל האָב איך אים שוין געגעבן כדי מקיים צו זיין די מצווה פון צדקה...

אַ נייעם שטייגער פון צדקה־געבן האָט איינגעפירט ר׳ הירש רימאַנאָווער (רבי צבי־הירש משרת): ער פלעגט צווינגען צו געבן צדקה. פון זיינע רייכע חסידים האָט ער פאַר־לאַנגט באַשטימטע סכומים, לויט זיין אָפּשאַצונג, אויף צוצעטיילן זיי צווישן אָרעמעלייט. דער מנהג האָט אַרויס־גערופן צווישן די גאַליציאַנער רביים אומצופרידנקייט אויף אים, אָבער ר׳ הירש האָט זיך ווייטער געהאַלטן ביי דעם שטייגער.

חסידים דערציילן וועגן אַ מעשה, וואָס איז זיך פאַר־לאָפן אין ראָפּשיצער „הויף", ביים רבין ר׳ נפתלי. ס׳איז אַמאָל געקומען אַהין אַ רייכער חסיד, ר׳ יואל מרגליות פון סטריזשאָוו. נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען די ברכה פון רבין, איז דער חסיד אַריינגעגאַנגען אין בית־המדרש געזעג־געגען זיך אויך מיט די חסידים. צווישן די שטענדיקע „יושבים" פון ראָפּשיץ איז אויך געווען ר׳ הירש, וועלכער האָט נאָך דער פּטירה פון רימאַנאָווער רבין, ר׳ מענדעלע, נישט געוואָלט נעמען אויף זיך דאָס „טיש־פירן", ווי דער רבי האָט דאָס פריער געהאַט פאַרלאַנגט, און איז אַוועק קיין ראָפּשיץ. ר׳ יואל, דער גביר, איז אויך צוגעגאַנגען זיך גע־זעגענען מיט אים. ר׳ הירש האָט צו אים אַ זאָג געטון: היינט וועט מיר ר׳ יואל געבן הונדערט גילדן. ר׳ יואל האָט זיך געוואונדערט אויף דעם צו גרויסן פאַרלאַנג און איז אַוועק צום רבין, ר׳ נפתלי, דערציילן וועגן דעם. ר׳ נפ־תלי האָט אויסגעהערט זיין רייכן חסיד און געזאָגט: עס איז טאַקע אַ גרויסער סכום. מיין עצה איז זאָלסט גיין צו

ר׳ הירשן און אים בעטן, ער זאָל באַוויליקן צו נעמען עפּעס וויניקער, איך בין אָבער מסופק צו דיינע רייד וועלן העלפן, איך קען ר׳ הירשן און איך ווייס, אַז עס איז נישט זיין שטייגער צו ענדערן דאָס, וואָס ער זאָגט אַרויס...

גרויסע סכומים פלעגט ר׳ הירש אויפמאָנען פון זיינע חסידים, אָבער ביי אים אין הויז האָט תמיד געהערשט אַן אָרעמקייט. די צדיקים פון זיין דור האָבן געוואוסט ווי אָפּ־צושאַצן זיין „דרך״ און ר׳ נפתלי ראָפּשיצער האָט אַמאָל, סוכות, אויף אים געזאָגט: איך בין אַ מיוחס, מיין זיידע איז געווען דער גאון און צדיק ר׳ איציקל האַמבורגער, איך האָב אַן אתרוג־הדר און דאָך טו איך גאָרנישט אויף, אָבער דער הערשל פאַרמאָגט אַן אתרוג, וואָס האָט דעם ווערט סך הכל פון צוויי „זעקסער״ און ער קערט מיט אים איבער וועלטן...

פאַקסימיליע פון דער אונטערשריפט פונם רבין ר׳ זושא האַניפּאָליער

# ד.

די אויפקלערונג־כוונות פון דער חסידי־שער דערציילונג. — „שועת עניים אתה תשמע“. — דער גאָלדענער כוס אין ר׳ פנחסל קאָריצערס הויז. — ר׳ וועלוועלע זבאַראַזשער נעמט־אויף ביי זיך זיין ברודער, ר׳ יצחק ראַדזיווילער. — ר׳ משה פשעוואָרסקערס תפילה. — ר׳ פנחסל קאָריצער איז מקנא זיין משרת. — די גאווה קומט אָן אַ סיבה. — אויף גאווה איז נישטאָ קיין פאַרענטפער. — ר׳ נחומטשע טשערנאָבילער אין אַרעסט־הויז. — ר׳ מענדעלע זלאָטשעווער ענטפערט־אָפּ אַ מתנגד. — דער רבי ר׳ זושא האַניפּאָלער און בערדיטשעוו.



י חסידישע אגדה פאַרמאָגט אויך אויפקלערונגס־טענדענצן. זי האָט פאַר דער חסידישער באַוועגונג געדינט ווי אַן אינסטרומענט פאַר איר פונאַנדערוואוקס און אויסברייטערונג כלפּי חוץ. און ווי אַ וויכטיקער דערציִערישער פאַקטאָר, האָט זי געשאַפן ווערטן — כלפּי פּנים. די חסידישע אגדה דינט אָפּט ווי אַן אויסדרוק פון דעם ווילן און שטרעבונגען פון דער באַוועגונג. פון דעם שטאַנדפּונקט קען מען זיך צו איר באַציִען ווי צו אַ וויכטיקער היסטאָרישער קוועלע. אַלס ביישפּיל וועלן מיר דערמאָנען די חסידישע ארץ־ישראל־מעשיות. פיל אגדות דערציילן אונז וועגן דער עליה פון צדיקים און פירער פון דער חסידות־באַוועגונג קיין ארץ־ישראל, אונטערשטרייכנדיק דערביי די נסים און וואונדער־געשיכטעס וואָס האָבן מיט זיי פּאַסירט אין וועג. איך מיין דאָ נישט די מעשיות וועגן צדיקים וואָס האָבן ווירקלעך עולה־געווען און זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל, ווי: ר׳ גרשון קיטעווער, ר׳ מנחם מענדל פּרעמישלאַנער, ר׳ נחמן פון קאסאוו, ר׳ מענדל וויטעבסקער, ר׳ אברהם קאַליסקער, ר׳ יעקב שמשון שעפּעטאווקער, ר׳ אברהם דוב אָווורוטשער, ר׳ ישכר בער זלאטשעווער א. אַנד., אָדער וועגן אַזעלכע, וואָס זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל און נאָך אַ געוויסער צייט פאַרלאָזט דאָס לאַנד, ווי ר׳ נחמן בראצלאווער, ר׳ ישראל פּאָלאצקער א. אנד. די חסידישע אגדה גיט אויך איבער וועגן נישט געלונגענע פּרוואוון עולה־צו־זיין קיין ארץ־ישראל, פון דעם שעפער פון חסידות, דעם

בעל־שם־טוב, ר׳ פנחסל קאריצער, ר׳ שניאור־זלמן מלאדי, דעם רבי ר׳ אלימלך פון ליזענסק א. אנד. זיי האָבן גע־שטרעבט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, האָבן זיך צוגעגרייט צו דעם און אויך געלאָזט זיך אין וועג אריין, נאָר פון הימל האָט מען זיי אָפּגעהאַלטן. זיי האָבן דערצו נישט זוכה־געווען און אויך דער דור האָט די זכיה נישט געהאַט — זיינען זיי פאַרבליבן אין גלות. פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט זיינען פאַר אונז אינם איצטיקן מאָמענט נישט וויכטיק די פאַקטן וואָס ווערן איבערגעגעבן אין די דערציילונגען און וויפיל אמת ס׳איז פאַראַן אין זיי. זיי זאָגן אָבער עדות און זיינען אַ באַשטעטיקונג, אַז די חסידות־באַוועגונג האָט אירע פירער געוואָלט זען ווי עולים קיין ארץ־ישראל און זי האָט געפילט די נויטווענדיקייט צו פאַרענטפערן די סתירה צווישן דעם כסדרדיקן רופן און וועקן צו עליה, וואָס עס אַנטהאַלטן אין זיך די חסידישע מעשיות און דעם פאַקט, וואָס גרויסע צדיקים זיינען דאָך פאַרבליבן אין גלות.

מיר האָבן שוין געברענגט דערציילונגען, אייניקע פון פיל, וועגן די צדקה־מעשים פון די פירער פון דער חסידישער באַוועגונג, וועגן זייער אויפריכטיקער גרייטקייט תמיד צו העלפן דעם אָרעמאַן, דעם נויטבאַדערפטיקן, צו באַטייליקן זיך אין זיין צער און ליידן. צווישן די גרויסע צדיקים זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס זייער „גאַנג" איז געווען אין אָרעמקייט, זיי האָבן אין עשירות געזען אַ מין שטערונג און אָפּהאַלט אין עבודת־השם. ביי די סטרעטינער חסידים איז די הויפּט־תפילה אין שבתים און ימים־טובים געווען די תפילה פון „נשמת" צוליב דעם פּסוק „שועת עניים אתה תשמע צעקת הדל תקשיב ותושיע". אין קעגנזאַץ צו די טשערנאָ־

בילער און ריזשינער „הויפן", וואו מען האָט זיך געפירט „ברייט" און מיט עשירות. ביי דער זייט פון „מלכותדיקן" חסידות, ווי מען האט גערופן דעם ריזשינער „שטאָם", איז געווען אויך אַ מין „פּראָלעטאַריש" חסידות, וואָס האָט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט באַנוצן זיך מיט זילבערנע און גאָל־דענע כלים, אַ חסידות, וואָס האָט געליבט און העכער גע־שטעלט די אָרעמקייט.

חסידים דערציילן, אַז אַמאָל האָט ר' פּנחסל קאָריצערס ווייב געקויפט אַ באַגילדעטן בעכער אויף קידוש. ווען ר' פּנחסל האָט געזען דעם נייעם כוס, האָט ער מיט תרעומות אַ פרעג געטון: פון ווען־אָן באַנוצט מען זיך עס אין מיין הויז מיט גאָלדענע כלים? די רביצין האָט זיך פאַרענטפערט און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער כוס איז נישט קיין גאָל־דענער, ער איז נאָר באַגילדעט, בלויז „פאַרן אויג" (למראית עין). אויב אַזוי — האָט ר' פּנחסל געטענהט — האָסטו אין מיין הויז אַריינגעברענגט נישט נאָר די גאווה, נאָר אויך דעם שקר...

ר' וועלוועלע זבאַראַזשער, איינער פון ר' מעכעלע זלאָטשע־ווערס זין, איז געווען אַן אביון און האָט געפירט זיין הויז אין עניות און פשטות. דאָס איז געווען אין קעגנזאַץ צו זיין ברודער, ר' יצחק ראַדזיווילער, וועלכער האָט זיך געפירט לויטן שטייגער פון רייכע־לייט. ר' וועלוועלע האָט אַמאָל פאַרבעטן זיין ברודער צו האַלטן מיט אים אַ שבת. ר' יצחק איז באַשטאַנען און האָט זיך „אויסגענומען", אַז ער זאָל אָנגרייטן פאַר אים גוטע מאכלים בשפע לכבוד שבת, ווי ער איז זיך נוהג ביי זיך. ר' וועלוועלע האָט אָנגענומען דעם באַ־דינג און צוגעזאָגט אים אַ סעודת־מלכים, אַ סעודה ווי די

„סעודה פון שלמה המלך בשעתו". ער האָט אויך געוואָלט זיין צוזאָג מקיים־זיין און אהיימקומענדיק האָט ער באַלד פאַרמשכנט זיינע זאַכן, צווישן זיי אויך דער רבי־צינס זילבערנע לייכטער, וואָס זי האָט געהאַט בירושה. ער האָט טאַקע צוגעגרייט אַ שיינע סעודה, לויט זיין השגה. די רביצין האָט פאַר אירע שבת־ליכט צוגעגרייט ליי־מענע לייכטער. ווען ר' יצחק איז אַריינגעקומען און האָט דערזען די לייכטער אויפן טיש, איז ער געוואָרן טרויעריק און אַ שווערן זיפץ געגעבן אויף זיין ברודערס גורל. ר' וועל־וועלע האָט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס ער איז אַזוי אומע־טיק און מיינענדיק, אין זיין גרויסער תמימות, אַז די לייכ־טער זיינען געפעלן געוואָרן זיין ברודער, האָט ער זיך אויפ־געשטעלט און אַ זאָג־געטון: ברודער, איך גיב זיי דיר אַוועק במתנה גמורה...

זיי האָבן אָנגעהויבן די שבת־סעודה. די מאכלים האָבן ר' יצחקן נישט געשמעקט. עס איז אויך נישט געווען געגוג. האָט ער געפרעגט זיין ברודער: ברודער, האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט אַ גרויסע סעודה? — ר' וועלוועלע האָט אים דע־רויף געענטפערט: איך האָב צוגעגרייט אַ סעודה פאַר אַ מלאך, אָבער נישט פאַר קיין שרף...

•

ביי ר' משה פשעוואָרסקער איז איינע פון די אָנגענומע־נע תפילות געווען צו בעטן, אַז ער און זיינע קינדס־קינדער זאָלן זוכה זיין צו... שטענדיקער אָרעמקייט. אויף עניות פאַר זיך און פאַר זיינע קינדער פלעגט אויך מתפלל־זיין דער מגיד ר' יוסף משה פון זבאראוו, דער בעל „ברית אברהם" און ווי עס גיט איבער דער שרייבער דב שטאָק, איינער פון

זיינע קינדס־קינדער, אין זיינע זכרונות „ממחוז הילדות",
איז די דאָזיקע תפילה טאַקע מקוים געוואָרן...

די גרויסע רביים האָבן נישט שטאַלצירט מיט זייערע רייכע חסידים. ר' מאירל פּרעמישלאַנער פלעגט פּאַרטייטשן דעם מאָמר: „רבי היה מכבד עשירים" — „רבי האָט אויסגעקערט די עשירים", ער האָט זיי פאַרטריבן פון זיין הויז און פלעגט מקרב־זיין אָרעמעלייט...

די רביים האָבן צייטנווייז מקנא געווען די אָרעמעלייט, וועלכע פילן דעם אמתן טעם פון אָרעמקייט. ר' פּנחסל קאָריצער פלעגט מקנא זיין איינעם פון די משרתים אין זיין שטאָט: „אַז ער דאַרף באַדינען זיין שטרענגן בעל־הבית, איז ער באמת שפלדיק און אונטערטעניק — און ווען וועל איך זוכה זיין צו דער מדרגה פון אַזאַ שפלות?". ער פלעגט אויך זאָגן, אַז עס איז שווער צו דערשטיקן די שעדלעכע מידה פון גאווה. דאָס גרויס־האַלטן־זיך קומט אָן וועלכער עס איז סיבה. יעדע זאַך האָט דאָך איר סיבה: אַז אַ מענטש איז קראַנק, האָט ער זיך פאַרקילט, אַ מענטש איז אין כעס — האָט מען אים דערצאָרנט, אין שטוב איז קאַלט — ווייל מען האָט נישט איינגעהייצט אין אויוון, אָבער אַ מענטש קען זיין הונגעריק און שוואַך, אָרעם און הילפלאָז, אַן עם־הארץ און מאוס — פונדעסטוועגן וועט ער שטענדיק אָנווייזן אויף זיך מיט גאווה: איך בין אַ גדול, איך בין גרויס...

דער רבי ר' זושא פלעגט זאָגן: אויף אַלע שאַלות, וואָס מ'וועט מיר שטעלן ביים בית־דין של מעלה, וועל איך געפינען אַ תירוץ. מ'וועט מיך פרעגן — האָסט געלערנט תורה? — וועל איך זאָגן: כ'בין געווען אַן עם־הארץ; פלעגסט העלפן מיט דיין געלט אָרעמעלייט? — כ'האָב נישט

געהאַט מיט וואָס זיי צו העלפֿן; האָסט עוסק־געווען אין טון מצוות? — כ'בין געווען פאַרנומען מיט פּרנסה־זאָרגן. אויף אַלץ וועל איך אויסגעפינען אַ תירוץ, נאָר אויב מ'וועט מיך פרעגן: פאַרוואָס האָסטו זיך גרויס געהאַלטן? וועל איך נישט וויסן וואָס צו ענטפערן...

ר' נחומטשע טשערנאָבילער, וועלכער פלעגט, ווי אַנדערע צדיקים, מיט אַ באַזונדערן אייפער זיך פאַרנעמען מיט דער מצווה פון פּדיון שבויים, האָט זיך אַמאָל „אַריינגעדרייט" אין זיינע באַמיאונגען צו באַפרייען אַן אַרעסטירטן ייד ביז ער אַליין איז אויך דערפאַר אַרעסטירט געוואָרן דורך דער מאַכט. ר' וועלוועלע זשיטאָמירער האָט באַקומען אַ דערלויבעניש צו באַדינען זיין רבין אין דער געפענגעניש־קאַמער. איינמאָל האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער זעט אין דער קאַמער אַ פרוי, איינגעהילט אין אַ זיידענער טוך, וואָס פרעגט ר' נחומטשען: דאָס איז דיין באַלוינונג? זו תורה וזה שכרה? און ער האָט געהערט די תשובה: יאָ, זו תורה וזה שכרה. ווען די פרוי איז פאַרשוואונדן, האָט ער געפרעגט דעם רבין, וואָס עס באַדייט דאָס אויסטערלישע געשפּרעך — און ר' נחומטשע האָט אים דערציילט: דאָס איז געווען די מוטער רחל, וואָס האָט מיך געפרעגט: איז דאָס די באַלוינונג פאַר דער מצווה פון פּדיון־שבויים? און איך האָב איר געענטפערט: יאָ, פון הימל האָט מען דאָס מיך אַהערגעבראַכט, כדי איך זאָל באַגרייפן ווי גרויס עס איז די מצווה אויסצולייזן, צו באַפרייען געפאַנגענע, איך זאָל אין דער מצווה עוסק זיין מיט נאָך מער פלייס און התלהבות...

ר' מעכעלע זלאָטשעווער איז אַמאָל געקומען קיין בראָד און האָט דאָרט געדאַוונט אין „קלויז". די מתנגדים, וועמענס

צאָל עס איז אין דער שטאָט געווען אַ גרויסע, האָבן באַ־שטימט פאָרצוהאַלטן דעם מגיד פאַר זיין מנהג, ווי די חסי־דים, צו פאַרשפּעטיקן דעם זמן־התפילה, אין קעגנזאַץ צום דין אין שולחן־ערוך, נאָר קיין איינער פון זיי האָט נישט געהאַט די דרייסטקייט צוגיין אים דאָס פאָרצוואַרפן. ס׳האָט זיך געפינען צווישן זיי איינער, אַ גביר, וואָס האָט גענומען אויף זיך די דאָזיקע „שליחות״. ער איז צוגעגאַנגען צום צדיק און אָנגעהויבן אים מוסר־זאָגן. דער צדיק האָט אים איבערגעריסן און אַ פרעג געטון: וואָס עפּעס ביסט דו געקומען שטראָפן מיך, זיינען שוין נישט פאַראַן קיין גרעסערע פון דיר אין תורה און פרומקייט? דער רייכער מתנגד האָט געענטפערט: עס זיי־נען טאַקע פאַראַן גרעסערע פון מיר אין תורה און אין פרומ־קייט נאָר זיי האָבן נישט געהאַט די דרייסטקייט דאָס צו טון, און איך בין אַ גביר און שרעק זיך נישט פאַר קיינעם. אויב אַזוי — האָט צו אים אַ זאָג געטון דער צדיק — זאָגט מיר מוסר נישט די תורה נאָר דאָס געלט, און דאָס געלט איז נישט ראוי, אַז איך זאָל מיט דעם רעדן...

אַן ענלעכע געשיכטע דערציילן חסידים וועגן רבין ר׳ זו־שא. פאַר זיין נתגלה ווערן, ווען ער האָט נאָך „אָפּגעריכט גלות״ און פלעגט, ווי אַן אומבאַקאַנטער, וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט, איז ער אָפט געקומען קיין בערדיטשעוו. דאָרט פלעגט ער זיך אויפהאַלטן ביי איינעם פון די אָרעמע מלמדים אין שטאָט. אין אַ צייט אַרום, ווען דער רבי ר׳ זושא איז באַרימט געוואָרן און האָט געהאַט טויזנטער חסי־דים, איז ער אַמאָל געקומען קיין בערדיטשעוו מיט גרויס כבוד, אין אַ שיינער קאַטש מיט דריי גרויסע פערד. אים מקבל־פּנים צו זיין איז אַרויסגעקומען הינטער דער שטאָט אַ

גרויסער עולם און צווישן זיי אויך איינער פון די שטאָט־
גבירים. דער גביר איז צוגעגאַנגען און געבעטן דעם רבין, אַז
ער זאָל באַוויליקן אויפצוהאַלטן זיך ביי אים, אויף וואָס ר׳
זושא האָט געענטפערט: איך פלעג דאָך פריער אויך קומען
אָפט קיין בערדיטשעוו — פאַרוואָס ביסטו דאַן נישט געקו־
מען מיך פאַרבעטן צו דיר? דאָס איינציקע, וואָס האָט זיך
ביי מיר געענדערט זיינען דאָך די פערד, ווייל דאַן פלעג איך
קומען צו־פוס און איצט בין איך געקומען אין אַ קאָטש.
אויב אַזוי פאַרבעט צו זיך די פערד און איך וועל גיין אין
מיין שטענדיקער אכסניה, צום מלמד...

פאַקסימיליע פון דער אונטערשריפט פונם „חוזה" פון לובלין

# ה.

די פאַרגעבונג־מידה. פון חסידישע פירער. — דער בעש"ט שיקט זיינע מענטשן, אַז זיי זאָלן רעדן אויף אים שלעכטס פאַר ר' איציקל האמבורגער. — ר' יעקב־יוסף פון פולנאה וויל נישט ליגן אין חרם אַריין דעם מסור. — די „קללה" פון ר' שניאור זלמן מלאַדי. — דער בעל-שם-טוב און ר' יחזקאל לאַנדוי.—ר' הירש רימאַנאָווער איז מתפלל פאַרן קרעמער, וואָס האָט אים פאַרשעמט. — ר' לוי יצחק בערדיטשעווער אין טאָג פון ווילנער גאונס פטירה. — פאַרוואָס הייסן מיר יידן? — פון דעם בעל שם טובס דערציילונגען.

ר' משולם פיוויש איז בודק זיך אַליין. — ר' בנימין זשאַלאָזשיצער און ר' מאירל פרעמישלאַנער וועגן די תחבולות פון יצר הרע. — דעם רבי ר' בונמס „צוויי קעשענעס". — דער ייד איז געגליכן צו אַ „סגול". — די „געמאַכטע" גוטע יידן.



י פאַטערס פון חסידות האָבן געוואוסט דעם סוד פון אומגיין זיך מיט זייערע מענטשן. עס איז נישט לייכט געווען זיי אַריינצוברענגען אין כעס. אויך צו זייערע מתנג־דים פלעגן זיי זיך באַציען אין אַ גרויסער מאָס מיט נאָכגי־ביקייט און פאַרגעבונג און צייטנווייז געווינען זייערע הער־צער מיט אַזאַ אַרט התנהגות. חסידים דערציילן, אַז צוליב דעם בעל־שם־טובס גלייכגילטיקער באַציאונג און נישט רע־אַגירן אויף ר׳ יצחקל דראָהאָביטשערס באַליידיקונגען, איז אָט דער שאַרפער מתנגד געוואָרן זיינער אַ הייסער חסיד. אויך דער האַמבורגער גאון, ר׳ יצחק הורוויץ, האָט געהערט צו די חסידות־קעגנער. ווען ער האָט געוואוינט אין בראָד, פלעגט ער רעדן שלעכטס אויפן בעש״ט און זיין באַוועגונג, וואָס האָט דאַן געשטעלט אירע ערשטע טריט. דאַקעגן דער בעש״ט, וועלכער האָט אים שטאַרק געשעצט — פאַר זיין גאונות, פלעגט שיקן צו אים זיינע מענטשן, אַז זיי זאָלן אויף אים אַליין, דעם בעש״ט, שלעכטס רעדן, אַבי נאָר דער גאון זאָל הנאה האָבן... חסידים דערציילן, אַז דער האַמבורגער רב איז דערפאַר נענש געוואָרן: ווען איינער פון זיינע אייניק־לעך, ר׳ נפתלי ראָפּשיצער, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן פון די חסידות־פירער, איז אַלס יונגערמאַן געקומען צום רבין ר׳ אלימלך פון ליזענסק, אַז ער זאָל אים „אָננעמען", האָט ער נישט געוואָלט, זאָגנדיק צו אים: „דו ביסט אַ צו־גרויסער מיוחס פאַר מיר" — און ר׳ נפתלי האָט זיך גע־

מוזט וועגדן צום „חוזה" פון לובלין און צו ר' מענדעלע רימאנאווער.

אין מינוטן פון פארביטערונג פלעגן די צדיקים זיך באַ־הערשן און גובר־זיין זייערע מענטשלעכע שוואַכקייטן. זיי האָבן גוט באַטראַכט די כלי־זיין זייערע און נישט געאײַלט זיך אין דעם קאַמף, וואָס זיי האָבן געהאַט צו פירן. זיי זײַ־נען געווען פּראַקטיק אין זייערע מעשים און אין זייער רעדן. זיי האָבן צוערשט באַטראַכט זיך זעלבסט — צי זיי זיינען בשלמות, „אין אָרדענונג" מיט זיך, און פריי פון וועלכע ס'איז זייטיקע כוונות.

מען דערציילט וועגן ר' יעקב יוסף פון פּולנאה, אַז ער האָט געהאַט פיל אויסצושטיין פון דעם מסור אין זיין שטעטל. אים און זיין משפחה האָט ער אָנגעטון גרויסע צרות און זיינע תלמידים האָבן פון אים פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל אויסרופן אַ חרם אויפן מסור — אויב נישט צוליב זיך, איז פאַרן כבוד התורה. דער בעל ה„תולדות" האָט דאָס נישט געוואָלט טון, אָבער ווען די לאַגע איז שוין געווען נישט צום איבערטראָגן און די תלמידים זיינען געוואָרן צו־דרינגלעך מיט זייער פאַרלאַנג, האָט ער מסכים געווען. דער עולם איז זיך צונויפגעקומען אין דער שול, דער צדיק איז אַרויף אויף דער בימה, איינגעהילט זיך אין זיין טלית און ווען ער האָט שוין געוואָלט נעמען דעם שופר צום מויל, האָט ער פּלוצלינג אָנגעהויבן אַריינצוטראַכטן, שעפּטשענ־דיק צו זיך אַליין: יעקב יוסף, צי מיינסטו באמת דעם כבוד פון דער תורה, אָדער אפשר גאָר ווילסטו אויך פאַר דיין כבוד זיך אָננעמען? און ער האָט זיך באַלד צוריקגעצויגן און נישט אַרויסגעלאָזט די תקיעה...

ווען עס האָבן זיך פאַרשטאַרקט די רדיפות פון די מתנג־דים אויף ר׳ שניאור זלמן מלאדי און זיין קרייז, האָבן זיינע תלמידים געפּרואווט אויף אים ווירקן, אַז ער זאָל געבן אַ קללה דעם ראש פון די מתנגדים, דעם ווילנער גאון. זיי האָבן אויסגעפונען אַ פּאַסיקע צייט דערצו, אַן ערב־יום־כפּור און זיי זיינען צוגעשטאַנען צו זייער רבין, דעם שעפער פון דער חב״ד־לערע, אים געבעטן, אַז ער זאָל געבן זיין קללה איצט, אין דער שעת רצון. דער בעל ה„תניא״ האָט זיך אויפגעשטעלט און אויסגערופן: יהי רצון, אַז די קינדער פון רבנו אליהו מווילנא זאָלן זיין חסידים...

עס האָט דערציילט דער חסיד ר׳ יודל לאנדא, וועלכער איז געווען אַ הויז־מענטש ביים ריזשינער, אַז ער האָט אַמאָל גע־האַט שפּאַצירט מיטן רבין אין זיין גאָרטן, האָט ער אים גע־זאָגט: דו ביסט עס אַן אייניקל פון פּראגער רב, זיי וויסן, דער אפּטער רב האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט געהערט פון ר׳ מעכעלע זלאטשעווער, אַז בעת ער האָט געהאַט אויסצו־שטיין צרות פונם „נודע ביהודה״, האָט ער געזאָגט: פאַר־וואָס זאָל איך טראָגן אַ שנאה אויף אים, אויב גאָט האָט אים אַזוי געהייסן. און ער האָט מסביר געווען, אַז ווען דער בעש״ט האָט געדאַרפט קומען אויף דער וועלט, זיינען אין הימל גע־ווען פיל מקטרגים, דערצו נישט צו דערלאָזן, וויסנדיק אַז דורך אים וועט זיך דערנענטערן דער זמן הגאולה; עס האָבן אָבער גובר־געווען די מליצי־יושר, אַז זיין נשמה זאָל יאָ אַראָפּקומען אויף דער וועלט אָבער צוזאַמען מיט נאָך אַ הייליקער נשמה, אויך אַ פירער פון זיין דור און אַ קעגנער פון דער לערע פון בעל־שם־טוב און זיינע תלמידים — דאָס איז געווען ר׳ יחזקאל פון פּראג. ווען נישט ער, וואָלט נישט

מעגלעך געווען אַז די נשמה פון בעש"ט זאָל אַראָפּקומען אויף דער וועלט. אויף דעם ווערט געזאָגט „מגלגלין זכות על ידי זכאי".

חסידים דערציילן וועגן ר' הירש רימאַנאָווער, אַז ווען ער איז נאָך געווען משרת ביי זיין רבין, ר' מענדעלע, איז ער אַמאָל לויטן רבינס באַפעל געגאַנגען נאָכקוקן ביי די שטעטלדיקע קרעמערס זייערע מאָסן און וואָגן. איינער פון די גבירים אין שטעטל האָט אָפּגעלאַכט פון דעם משרתס באַמערקונגען און הלכה־אויפקלערונגען און האָט אים פאַרשעמט מיט גראָבע רייד. ר' הירש האָט געשוויגן. ווען ר' מענדעלע האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָט ער גע־לאָזט רופן אַלע קרעמער פון שטעטל אויף אַ דרינגנדיקער אסיפה. נאָר דעם, וואָס האָט פאַרשעמט און אויסגעלאַכט זיין משרת, האָט ער נישט גערופן. יענער קרעמער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז דער גאַנצער רעש איז אַנטשטאַנען צוליב אים, איז ער אויך געקומען צו דער אסיפה און אויס־געהערט אַ הייסע דרשה אין ענין פון וואָג און מאָס. די גאַנצע צייט איז ר' הירש „משרת" געשטאַנען אין אַ ווינקל און די ליפּן זיינע האָבן שטיל געשעפּטשעט אַ תפילה, אַז דער קרעמער, וואָס האָט אים אַזוי געזידלט און פאַרשעמט זאָל ח"ו נישט געשטראָפט ווערן פון דעם רבינס מוסר־ווערטער.

אַ טיפער אויסדרוק פון דער באַציאונג פון די חסידישע רביים צו זייערע הויפּט־מתנגדים, איז די פאָלגנדיקע חסי־דישע דערציילונג: דעם דריטן טאָג חול המועד סוכות פון יאָר תקנ"ו, איז ר' לוי־יצחק בערדיטשעווער אויפגעשטאַ־

נען פריער ווי שטענדיק. ער איז שנעל אוועק אין בית־המדרש און אין אַ שפּאַנענדיקער דערוואַרטונג אויסגע־קוקט אויף דעם עלות השחר, כדי צו מאַכן די ברכה „על נטילת לולב”. פּלוצלינג האָט דער „קדושת לוי” דערפילט, אַז עס איז ביי יידן אַ גרויס געשעעניש: דער ווילנער גאון איז נפטר געוואָרן. ער האָט גענומען שפּאַנען הין־און־צוריק איבערן בית־המדרש נישט קענענדיק געפינען קיין מנוחה. איינער פון זיינע חסידים, וועלכער איז געזעסן אין אַ ווינקל און פון דער זייט צוגעקוקט זיך צו זיינע תנועות, איז צוגעגאַנגען צו אים און געפרעגט פאַרוואָס ער איז אַזוי צעשטרייט. ר׳ לוי־יצחק האָט אים דערציילט: דער ווילנער גאון, רבנו אליהו, איז נפטר געוואָרן און אין די עולמות־העליונים איז אַ גרויסער רעש אים אויפצונע־מען. ווען זיין נשמה איז געקומען אויבן, איז זי גערופן געוואָרן לדין פאַר דער שאַרפער התנגדות צו חסידות. דער קטיגור האָט פאַרלאַנגט אַ שווערן עונש. דער בית־דין של מעלה האָט באַטראַכט די תביעה און געפּסקנט: רבנו אליהו דאַרף אויסהערן אַ חסידישן שמועס פון מעזריטשער מגיד און דערמיט וועט אים פאַרגעבן ווערן זיין חטא. און ר׳ לוי־יצחק האָט ממשיך געווען: אַז דער גאון האָט דערהערט זיין עונש, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען אים, ער וויל בעסער גיין אין גיהנום אַריין און קיין חסידישע תורה וועט ער נישט אויסהערן. האָט מען טאַקע געפּסקנט: דער גאון וועט גיין אין גיהנום אַריין. האָבן זיך אָבער פּלוצלינג צו־נויפגענומען די טויזנטער און צענדליקער טויזנטער בלע־טער גמרא, וואָס דער גאון האָט אין זיין לעבן געלערנט און פאַרשטעלט פאַר אים דעם וועג צום גיהנום. דער אויסגע־

האַלטענער גרויסער מתנגד איז געגאַנגען אין גן־עדן אַריין און קיין חסידישע תורה נישט געהערט...

דער מענטש דאַרף שטענדיק קאָנטראָלירן זיך זעלבסט און באַטראַכטן זיינע מעשים, צי ער האָט זיך מיט עפּעס נישט פאַרזינדיקט. אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט ליגט אויף יעדן ייד. אַ טייערער נאָמען איז אים אָנפאַרטרויט געוואָרן צו היטן און ער דאַרף אַכטונג געבן ער זאָל בלייבן אומבאַפלעקט. ר׳ מאירל פּרעמישלאַנער פלעגט זאָגן: פאַר־וואָס רופט מען אַ בן־ישראל „ייד״ — מרמז צו זיין, אַז פּונקט אַזוי ווי אַ יו״ד האָט אַ קליין און קורץ „פּיסעלע״ און אַז מען קראַצט עפּעס אָפּ פון דעם בלייבט בלויז אַ פלעק — אַזוי אויך אַ ייד, ווען ער פאַרמינערט זיין יידיש־קייט אַפילו מיט אַ קלייניקייט בלייבט אַ גרויסער פלעק...

די איבערגעטריבענע זעלבסטצופרידנקייט ווערט באַ־טראַכט ווי אַ זינד. דער מענטש טאָר נישט גלויבן אין זיך איבער דער מאָס. ער דאַרף זען און פילן דאָס, וואָס פעלט אים צו זיין שלמות. מען דערציילט, אַז אַמאָל איז אַ ייד געקומען קיין מעזשיבעזש און אַריינגעגאַנגען צום בעש״ט, זען וואָס ער מאַכט. האָט אים דער בעש״ט געפרעגט: נאָך וואָס ביסטו געקומען, אורח? דער ייד האָט געענטפערט: סתם אַזוי, כ׳בין דורכגעגאַנגען מעזשיבעזש און כ׳האָב ביי זיך געטראַכט, היתכן, איך זאָל נישט אַריינגיין צום בעש״ט, וואָס זיין נאָמען איז באַוואוסט פון איין עק וועלט צום צווייטן? — פעלט דיר באמת גאָרנישט? פרעגט אים ווייטער דער בעש״ט. ניין — ענטפערט דער אורח — מיי־נע בני־בית זיינען ברוך השם געזונט. פּרנסה האָב איך און איך נויטיק זיך אין גאָרנישט. אויב אַזוי — זאָגט צו

אים דער בעש״ט — אויב דו ביסט געקומען צו מיר סתם־אַזוי, אָן וועלכן ס׳איז פאַרלאַנג און עס פעלט דיר גאָר־נישט, וועל איך דיר דערציילן אַ מעשה, וואָס איז זיך אַמאָל פאַרלאָפן. און דער בעש״ט האָט אָנגעהויבן דער־ציילן:

אין מעזריטש האָבן געוואוינט צוויי גוטע פריינט, שותפים צו איין געשעפט. ביידע האָבן געהאַט קינדער, וועלכע האָבן זיך דערצויגן אין ליבשאַפט און חברשאַפט. אַ שטאַרקע פריינטשאַפט האָט זיי פאַרבונדן. זיי האָבן צו־זאַמען געלערנט, צוזאַמען פאַרברענגט זייער פרייע צייט און עס האָט זיי גאָרנישט געקענט קומען אויפן געדאַנק אַז עס וועט קומען אַ טאָג ווען זיי וועלן זיך מוזן צעשיידן. זיי זיי־נען עלטער געוואָרן און ס׳איז געקומען די צייט פון חתונה האָבן. איינער האָט זיין זיווג געפינען אין בער־דיטשעוו און מען האָט באַשטימט דעם זמן החתונה. צו דער חתונה איז מיטן חתן מיטגעפאָרן זיין חבר און ער איז געבליבן ביי אים העכער אַ חודש, ווייל ס׳איז אים שווער געווען זיך צו שיידן מיט אים. סוף־סוף האָט דער חבר געמוזט אַהיימפאָרן. פאַר דעם האָבן זיי זיך אָפּגע־שמועסט, אַז יעדן טאָג זאָל איינער שרייבן צום צווייטן. און זיי האָבן טאַקע אָפּגעהיטן זייער צוזאָג. אַ לענגערע צייט זיינען די בריוו פּינקטלעך געקומען. עס איז אָפּגעלאָפן אַ יאָר און זייער פאַרבינדונג איז שוואַכער געוואָרן. זיי האָבן צו זיך געשריבן בלויז יעדע וואָך. עס איז אַוועק נאָך אַ יאָר און די פאַרבינדונג איז נאָך שוואַכער געוואָרן, נאָר איין מאָל אין חודש אַ בריוו. אַזוי זיינען אָפּגעלאָפן יאָרן, עס האָבן זיך פאַרמערט זייערע געשעפטלעכע זאָרגן — און

דאָס בריוו־שרייבן האָט אינגאַנצן אויפגעהערט. אין אַ צייט אַרום האָט זיך פון איינעם פון זיי אָפּגעקערט דאָס מזל און זיינע געשעפטן האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן וואָס אַמאָל מער. ער איז כסדר געוואָרן אָרעמער און דערגאַנגען דערצו, אַז ער האָט שוין נישט געקענט צאָלן זיינע חובות. אין דער נויט האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין טייערן חבר און ער האָט באַשלאָסן צו בעטן ביי אים הילף. ער איז אַוועקגעפאָרן צו אים און אָנקומענדיק אין זיין שטאָט, האָט ער, צו זיין גרויסער פרייד, געהערט, אַז דער חבר איז זייער רייך און ער האָט אויך אַן „אָפענע האַנט" אויף צו העלפן נויטבאַדערפטיקע. ער איז צו אים אַוועק און דער חבר האָט אים אויפגענומען מיט פיל כבוד און פרייד. לאַנגע שעהן זיינען זיי געזעסן, די צוויי חברים פון די קינדער יאָרן, און דערציילט איינער דעם צווייטן וואָס עס האָט מיט זיי פּאַסירט אין די יאָרן פון צעשיידונג. צום סוף האָט דער „יורד" איבערגעגעבן זיין חבר צוליב וואָס ער איז צו אים געקומען און געבעטן אים העלפן אין דער נויט. זאָרג נישט—האָט צו אים אַ זאָג געטון זיין רייכער חבר—גאָט האָט מיך איבערגעלאָזט אויף דער שעה פון נויט; אַ העלפט פון מיין פאַרמעגן גיב איך דיר אַוועק. ער האָט באַלד אַ־יינגערופן דעם, וואָס פירט זיינע ביכער, אים באַפוילן צוצוגרייטן אַ חשבון און אָפּגעשריבן דעם חבר אַ העלפט פון זיין פאַרמעגן, אַזוי ווי ער האָט צוגעזאָגט.

דער „יורד" האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים, ער האָט באַ־צאָלט זיינע חובות, באַנייט די געשעפטן און דאָס גליק האָט ווידער פאַר אים אויפגעשיינט. ווידער אַ מאָל איז ער עולה לגדולה געווען און זייער רייך געוואָרן. אין צווישנ־

צייט האָט זיך ביים אַנדערן אַלץ איבערגעדרייט — דער רייכער חבר איז געוואָרן אַלץ אָרעמער און אָרעמער. אַ גרויסע נויט האָט אָנגעהויבן צו הערשן אין זיין הויז. ווען די לאַגע איז שוין געוואָרן נישט צום איבערטראָגן, האָט ער זיך דערמאָנט אין חבר און באַשלאָסן צו פאָרן צו אים און בעטן הילף. קומענדיק אין זיין שטאָט אריין האָט ער, צו זיין גרויסן גליק, געהערט אַז דעם חברס לאַגע איז אַ גוטע. אין דער אכסניה האָט מען אים דערציילט, אַז ער האָט שוין וואָס אַן אמת, געהאַט דורכגעמאַכט אַ שטיקל צייט פון אַ ירידה, אָבער ער האָט זיך שנעל געשטעלט אויף די פיס און ווידער אָנגעהויבן צו גיין „באַרג־אַרויף". קו־מענדיק צום חבר איז ער אויפגענומען געוואָרן זייער שיין אָבער ווען ער האָט דערציילט דעם ציל פון זיין קומען, וועגן זיין גרויסער נויט, האָט אים זיין חבר, אויסדריקנ־דיק גרויס מיטליד, אין געציילטע ווערטער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער קאָן אים מיט גאָרנישט העלפן. ער געדענקט טאַקע דעם גרויסן חסד וואָס ער האָט געטון מיט אים אין זיין נויט, אָבער — ווי עס ווייזט אויס — איז שוין זייער גורל אַזעלכער, ווען איינעם פון זיי גייט גוט, ווערט דער צווייטער אַ „יורד" און מורא האָבנדיק, אַז ער אַליין זאָל ווידער נישט ווערן אַן אָרעמאַן, קאָן ער אים נישט אָפּדינען אַזוי ווי ער האָט עס פאַרדינט. אַ פאַרצווייפלטער איז דער „יורד" צוריקגעקומען אַהיים. מיטן גאַנצן פליים האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין זיינע געשעפטן, מיט גאָטס הילף, איז ער דורכגעקומען דעם קריזיס און ווידער אָנגעהויבן צו שטייגן, בעת זיין חבר דאָרט האָט ווידער גענומען פאַראָרעמט ווערן. דאָס איז פאַר יענעם געווען אַן אומגע־

ריכטע ירידה: איין פּלוצימדיקער דורכפאַל נאָך דעם צווייטן. ווען ער האָט שוין קיין כוח נישט געהאַט דורכצו־טראָגן די אַלע קלעפּ. דעמאָלט האָט זיך דער „יורד" דער־מאָנט אין זיין חבר, וועגן וועלכן ער האָט געהערט אַז די זון האָט פאַר אים ווידער אַמאָל אויפגעשיינט און טראָץ זיין צווייפלען און חרטה־געפילן, האָט ער באַשלאָסן זיך צו ווענדן נאָכאַמאָל צו אים. ער איז געקומען צום חבר, ער האָט אים דערמאָנט, אַז ער איז ווירקלעך זיך נישט באַגאַנ־גען מיט אים ווי עס דאַרף צו זיין, אָבער דאָך פאַרלאָזט ער זיך אויף זיין חסד און בעט ביי אים הילף. דער חבר האָט אים באַרואיקט: איך פאַרשטיי גוט דיינע רייד, גאָט האָט מיר געהאָלפן אויך אָן דיר און איך בין דיר גרייט צו העלפן. ווי דעמאָלט, אַזוי באַקומסטו דו אויך איצט אַ העלפט פון מיין פאַרמעגן. אַ צופרידענער און פריילעכער איז ער אהיימגעפאָרן, האָבנדיק מיט זיך אַ גרויסע סומע געלט, אויסצוצאָלן די חובות און באַנייען די געשעפטן...

במשך פון דער צייט זיינען די ביידע חברים עלטער גע־וואָרן און אַוועק פון דער וועלט. אין די הימלען האָט דאָס בית־דין של מעלה באַטראַכט זייער ענין און געפּסקנט: דער גוטהאַרציקער חבר, וועלכער האָט צוויי מאָל אויסגעהאַלטן דעם נסיון — גייט אין גן־עדן אַריין און דער צווייטער אומ־דאַנקבאַרער חבר — אין גיהנום אַריין. דער גוטער חבר איז אָבער געווען אומצופרידן פון דעם פּסק; ער וועט נישט גיין אין גן־עדן אַריין, סיידן דער חבר וועט גיין מיט אים צוזאַמען, ווען נישט — האָט ער געטענהט — איז ער אַליין גרייט צו גיין מיטן חבר אין גיהנום אַריין.

די דאָזיקע ווערטער האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין דער פמליא של מעלה, און מען האָט באַשלאָסן נאָכאַמאָל צו באַטראַכטן דעם פסק־דין. ס'איז געפאַלן דער באַשלוס, אַז דער פאַרלאַנג פון דעם מיטן פסק־דין אומצופרידענעם חבר וועט דערפילט ווערן, נאָר מיטן באַדינג, אַז זיין חבר וועט מתקן־זיין דאָס, וואָס ער האָט שלעכט געטון. צוליב דעם דאַרפן ביידע חברים אומקערן זיך צוריק אויפן עולם התחתון, דער פאַרזינדיקטער וועט מגולגל ווערן אין אַ גביר, דער גוטער — אין אַן אָרעמאַן און אויב עס וועט זיך מאַכן, אַז דער אָרעמאַן וועט דאַרפן אָנקומען צום רייכן און ער וועט „אויסהאַלטן" און אים אַנטקעגנקומען — וועלן זיי ביידע גיין אין גן־עדן אַריין. און אַזוי איז געווען. זיי זיינען ביידע אַראָפּגעקומען אויפן עולם התחתון. דער גוטער חבר, זייענדיק איצט אַן אָרעמאַן, האָט געוואַנדערט אַ לאַנגע צייט ביז וואַנען ער איז אָנגעקומען אין דער שטאָט וואו עס האָט אַמאָל געוואוינט זיין חבר — דער היינטיקער גביר. צוקומענדיק צו זיין הויז איז ביי דער טיר געשטאַנען אַ דינער און אים געפרעגט וואָס ער וויל. ער האָט געבעטן מ'זאָל אים אַריינלאָזן צום בעל־הבית. דער משרת האָט אים אָבער נישט געלאָזט אַריינגיין, ער האָט אים דערפאַר געוואָלט געבן עסן, אַ נדבה, אָבער דער אָרעמאַן וויל נישט, ער פאַרלאַנגט נאָר איין זאַך — ער מוז רעדן מיטן בעל־הבית. דער משרת איז אַריינגעפאַלן אין כעס און אָנגעהויבן שרייען. דערוויל איז אַרויסגעקומען דער בעל־הבית און זיך געפרעגט וואָס עס איז געשען. דער משרת האָט אים דערציילט וואָס יענער פאַרלאַנגט. אויך דער בעל־הבית איז אַריינגעפאַלן אין כעס און אַ שטופּ גע־

געבן דעם אָרעמאַן פון די טרעפּ. דער אָרעמאַן איז דערפון אַוועקגעפאַלן און געשטאָרבן אויפן אָרט.

אויסהערנדיק דעם סוף פון דער מעשה איז דעם בעל־שם־טובס אורח געפאַלן אין חלשות. נאָכן קומען צו זיך, האָט ער דערציילט דעם בעש"ט, אַז ערשט מיט אַ וואָך צוריק איז ביי אים געשען אַן ענלעכער פאַל: עס איז צו אים געקומען אַן אָרעמאַן, געקריגט זיך מיטן משרת און אָנגעמאַכט אַ רעש אין זיין הויז. נישט ווילנדיק האָט ער אים אַ שטויס־געטון און דער אָרעמאַן איז אַוועקגעפאַלן און געשטאָרבן.

אויב אַזוי — האָט דער בעל־שם־טוב געפרעגט דעם אורח — האָסטו טאַקע גאָרנישט וואָס צו בעטן ביי מיר און קיין שום זאַך פעלט דיר נישט און קוועלט דיך נישט?...

די צדיקים אַליין האָבן געוויזן אַביישפּיל ווי יעדער מענטש דאַרף בודק־זיין זיינע מעשים. מען דערציילט וועגן דעם „דרך אמת", ר' משולם פייוויש העלער פון זבאַראַזש, אַז ס'האָט זיך אים אַמאָל פאַרוואָלט לייגן שמושא־רבא־תפילין. דער דאָזיקער פאַרלאַנג האָט ממש געברענט אין אים. אָבער זיין „דרך" איז געווען שטענדיק צו באַטראַכטן יעדע זאַך, פאַרן באַשליסן דאָס צו טון, כדי זיך קלאָר צו מאַכן און קענען אָפּטיילן דאָס שלעכטע פונם גוטן. אויך דאָס מאָל האָט ער נאָך אַ לאַנגן דורכטראַכטן, באַשלאָסן נישט צו לייגן קיין שמושא רבא־תפילין, זאָגנדיק: וואָס ברענט עס אין מיר אַזוי ווי אַ פייער דער ווילן צו דאַווענען אין אַזעלכע תפילין, צי איז עס נאָר די הייליקייט פון דער מצווה? אויב אַזוי — טאָ פאַרוואָס ברענט נישט אין מיר דער פאַרלאַנג צו לייגן רש"י־ אָדער רבנו תם־תפילין, וואָס

דאָס איז אַ מצוה לויט אַלע פוסקים? — מוז עס דאָך זיין אַ פרעמד פייער, אַ פייער פון גאוה, אש זרה — און ער האָט די שמושא רבא־תפילין דעמאָלט נישט געלייגט...

פונדעסטוועגן איז צייטנווייז יאָ געוואונטשן צו האָבן עפּעס וואָס פון גאוה אין עבודת ה', ווייל דער יצר הרע נוצט אויס אַלע עצות און תחבולות אַריינצונאַרן דעם מענטש. ר' בנימין זשאַלאָזשיצער שרייבט אין זיין ספר „תורי זהב": „ווען דער יצר הרע זעט, אַז דער צדיק גיט זיך אים נישט אונטער, קומט ער צו אים אין דער געשטאַלט פון יצר טוב און רעדט אים אָן צו טון פאַלשע מצוות, וואָס אין דער אמתן זיינען זיי גאָר עבירות, ווי למשל, די „מצווה" צו רודפן עמיצן און רעדן אויף אים לשון הרע, אָדער טיילמאָל ווען אַ מענטש דאַוונט און טוט אַ וועלכע ס'איז מצווה מיט דבקות און גרויסער שמחה דערמאָנט אים דער יצר הרע זיינע זינד און זאָגט: ווי וואַגסטו צו שטעלן זיך פאַר גאָט מיט אַזאַ פרייד, ווען דו ביסט אַזויפיל חטאים באַגאַנגען; דו דאַרפסט זיך דאָך מצטער זיין און ווי קומט עס צו דיר אַזאַ שמחה? דורך דעם וויל דער יצר הרע אים מבטל זיין פון דער שמחה אין עבודת השם. וועגן זיינע עבירות דאַרף מען דעם מענטש דערמאָנען ביים עסן און טרינקען, ביים געניסן פון די תענוגי העולם הזה, בכדי ער זאָל זיי שטענדיק האָבן פאַר די אויגן, זיינע חטאים, און ווינציקער אָפּגעבן זיך די הנאות פון דער וועלט, אָבער נישט ווען ער דינט גאָט מיט דבקות און שמחה. טיילמאָל רעדט אים אויך אָן דער יצר הרע נישט צו עסן און טרונקען און צו סיגופים איבער דער מאָס, כדי אָפּצושוואַכן זיין גוף, אַז ער זאָל קיין כוח נישט האָבן צו

דינען גאָט". „דעריבער — זאָגט דער רבי ר' בונם פון פשי־סכע — דאַרף יעדער ייד האָבן צוויי „קעשענעס" צו באַנוצן זיך מיט זיי ווי עס קומט אויס, דהיינו: ווען דער יצר הרע באַווייזט אים זיין גרויסקייט אין תורה־קענען, דאַרף ער זיך זאָגן „ואנכי עפר ואפר" און אַלע מיינע מע־שים טובים זיינען גאָרנישט ווערט, אָבער ווען דער יצר הרע ווייזט אים אָן זיינע חטאים און געפאַלנקייט, דאַרף ער זאָגן: בשבילי נברא העולם... פאַר מיר איז באַשאַפן גע־וואָרן די וועלט, און איך האָב נאָך האָפענונג..."

ר' מאירל פרעמישלאַנער פאַרטייטשט דעם מאמר „עד ארבעין שנין מיכלי מעלי אחר ארבעין שנין מישתי מעלי" אַזוי: די כונה פון די חז"ל איז אונז צו לערנען, אַז דער שטייגער פונם יצר הרע איז צו טרייבן דעם מענטש פון איין שלעכטס צום צווייטן. ווען דער מענטש איז יונג און ביי די כוחות און קען עוסק־זיין בתורה ועבודה, זאָגט אים דער יצר הרע: דו האָסט נאָך צייט צו דינען גאָט ווען דו וועסט קומען אין די עלטערע יאָרן, איצט דאַרפסטו מפרנס זיין דיין הויז־געזינד אין כבוד און אין רייכקייט. ווען דער מענטש ווערט אַלט, טענהט צו אים דער יצר הרע: בעת מען איז יונג קען מען גיין אין אַ קאַלטער מקוה און אויפ־שטיין צו „חצות", אָבער איצט, אויף די עלטערע יאָרן, ווען דו ביסט שוואַך און דו האָסט נישט קיין כוח, אַז דו וועסט דאָס אַלץ פּרואוון צו טון — ביזטו דאָך ווי אַ מאבד עצמך לדעת. און אַזוי דערווייטערט ער אים פון עבודת ה' אַלע זיינע יאָרן, ווען ער איז יונג און ווען ער ווערט אַלט. דעריבער האָבן אונז די חז"ל מיט זייער שיי־נער שפּראַך געלערנט ווי אַזוי אָפּצושטויסן דעם יצר הרע

און נישט הערן אים: „אין די יונגע יאָרן, פאַר די פערציג־קער, דאַרף דער מענטש זיך נעמען אַ ביישפּיל פון די מאַכ־לים, וואָס זיינען גוט און געשמאַק כל זמן זיי ווערן נישט אַלט, ווייל דערנאָך טויגן זיי שוין נישט מער. אַזוי דאַרף אויך דער מענטש עוסק־זיין בעבודת ה׳, כל־זמן ער איז נאָך יונג און געזונט, ווייל אויב ער וועט אָפּלייגן אויף די עלטערע יאָרן, וועט ער זיין ווי אַ מאכל וואָס איז אַלט און קאַליע געוואָרן. ווען ער קומט אָבער נאָך די פערציק יאָר „מישתי מעלי״, דאָס הייסט, דאַרף ער נעמען אַ ביישפּיל פון משקה — וואָס עלטער אַלץ בעסער איז עס, און אַזוי אויך דאַרף דער מענטש ווען ער איז אַלט, עוסק זיין בתורה ועבודה וגמילת חסדים און אָנגרייטן זיך „צידה לדרך״...

אַ ייד דאַרף זיך קענען צופּאַסן צו די שווערסטע סיטו־אַציעס און וויסן ווי צו קעמפן מיט שוועריקייטן אין עבודת השם. ר׳ דודל לעלעווער פלעגט פאַרטייטשן דעם „והייתם לי סגולה״: הקב״ה פאַרלאַנגט פון די יידן, אַז זיי זאָלן זיין ווי אַ „סגול״ — אויף וועלכער זייט, מען זאָל אים נאָר נישט איבערדרייען בלייבט ער שטענדיק אַ „סגול״. מען דאַרף שטענדיק זיין אַ ייד, אַ פּשוטער ייד אָן „חכמות״, זיך ריכטן נאָר מיטן אמת. און אויב אַ סתם־ייד דאַרף זיך אַזוי נוהג־זיין, איז דאָך על אחת כמה וכמה דער צדיק. דעריבער אויך, האָבן די אמתע צדיקים געפירט אַ קאַמף מיט די יעניקע, וואָס האָבן זיך געוואָלט „מאַכן״ פאַר „גוטע יידן״.

דער רבי ר׳ בונם פון פּשיסכע זאָגט: צדק צדק תרדוף — דאָס וואָרט צדק פאַרמאָגט אַ דאָפּלטע באַדייטונג. עס איז דער שטייגער פון די פאַלש־גלויביקע צו ווייזן זיך אין

אַ מלבוש פון אמת וצדק און זאָגן „צדיקים אנחנו ולא חטאנו". זיי זוכן ראיות פון דער תורה וואָס זאָלן באַשטע־טיקן און באַרעכטיקן זייערע ווערטער. אין דער אמתן איז „תועבת ה׳ כל עושה אלה", מען דאַרף זיך אָבער באַמיען צו קרעפטיקן און שטאַרקן די דברי־צדק מיטן אמת". אויך פאַר דעם „צדק" דאַרף מען קעמפן מיט צדק. ר׳ מאירל פּרעמישלאַנער טענהט צו די וואָס ווילן אָנגיין פאַר „גוטע יידן": „תבן אין ניתן לעבדיך ולבנים אומרים עשו" קיין פאַרשטאַנד און וויסן (תבן — תבונה) האָבן זיי נישט, און ווייסע קאַפּטאַנעס (לבנים) מאַכן זיי זיך, ווי די רביים...

ביי אַן אַנדער געלעגנהייט האָט ער אויסגעטייטשט דעם פּסוק אַזוי: „תבן אין ניתן לעבדיך ולבנים אומרים לנו עשו", כאָטש מיר אַליין פאַרשטייען (תבונה) נישט תשובה צו טון און צו פאַרזאָרגן זיך מיט „צידה לדרך", רופן אונז די ווייסע האָר (לבנים) אויפן קאָפּ און אין דער באָרד צו טון תשובה, דערמאָנענדיק אונז, אַז די עלטער איז שוין געקומען. און דאָס איז דער טייטש פון פּסוק: תבן (לשון תבונה — פאַרשטאַנד) אין ניתן לעבדיך, אָבער הלבנים אומרים לנו עשו; די ווייסע האָר דערמאָנען אונז: עשו, טוט, גרייט זיך צו...

די חסידישע לעגענדע פאַרמאָגט אַ רייכן און פאַרשידנ־פאַרביקן אינהאַלט. זי פאַרנעמט זיך מיט אַלע לעבנס־גע־ביטן און פּראָבלעמען, אָבער שטענדיק בלייבט קלאָר איר הויפּט־טענדענץ: דאָס פאָלק זאָל קענען לערנען דעם חסי־דישן „דרך", אַרויסצורופן און אַנטוויקלען די גוטע און דערהויבענע אייגנשאַפטן און מידות, וועלכע באַקומען זייער פולע פאַרקערפּערונג אין דער פּערזאָן פון צדיק, פון רבין.

## ו.

דבקות — פון די יסודות פונם חסידות. — ר׳ מעכעלע זלאטשעווער — אַ „נשמה לנשמה״. — ר׳ זושא האניפּאָלערס יראת השם. — ער לערנט משניות מיט ר׳ שמעלקע ניקלשבורגער... — ר׳ אבּ-רהם המלאך און דער בעל „התניא״ לערנען צוזאַמען. — ר׳ נחום טשערנאָבילער וויל נישט, אַז דער מלאך זאָל אים מגלה-זיין רזי התורה. — ר׳ משה פּשעוואָרסקער פאַר־שפּעטיקט דעם זמן-התפילה. — המתפלל בלב. — דער „חוזה״ פון לובלין ביי ר׳ ברוכל מעזשיבעזשער. — ר׳ משה פּשע-וואָרסקער און זיין זון זייגען זיך טובל אין אַ קאַלטער מקווה אין ווינטער. — דאָס התלהבותדיקע דאַווענען פון ר׳ שלמהלע קאַרלינער און ר׳ אורילע סטרעליסקער. — דער ריזשינער שטייגער פון דאַווענען. — ר׳ מרדכי ניעשכיזערס אתרוג. — צוליב וואָס איז ר׳ לייב שרהס געפאָרן צום „מגיד״. — ר׳ ארון-לייב שומר־שבת.


בקות געהערט צו די יסודות פונם חסידות און איז
איינע פון די אייגנשאפטן, מיט וועלכע עס צייכענען זיך אויס
די פירער פון דער חסידות־באוועגונג. אייניקע פון זיי זיינען
דערגאנגען צו א הויכער מדרגה פון דבקות און יראה און
האבן זיך מיט דעם אויסגעטיילט אפילו צווישן זייערע
חברים, צדיקים און רביים. ר׳ מעכעלע זלאטשעווער
האט מען גערופן „נשמה לנשמה״, ווייל „ער איז געווען אין
זיין דור ווי רבי שמעון בר־יוחאי אין זיין דור״ און
אלץ, וואס ער פלעגט זען אין א ספר „אן אונטערשיד —
א גמרא אדער קבלה־ספר — האט ער קיין אנדער זאך
נישט געזען, אויסער דעם ווי אזוי צו דינען השם יתברך״.
אויף דעם רבין ר׳ זושא איז מעיד דער בעל
ה„תניא״, ר׳ שניאור זלמן מלאדי, אז „עבודתו היתה
ביראה עילאה כל כך עד שגם בהיכל היראה היתה יראתו
לפלא״ (זיין דינען גאט איז געווען דורכגענומען מיט אזא
גרויסער יראה (גאטספארכטיקייט), אז אפילו אין דעם
היכל־היראה איז עס אויסגעקומען וואונדערלעך). חסידים
דערציילן, אז ר׳ זושא האט אמאל געבעטן ביי גאט, ער
זאל דערגרייכן צו אזא גרויסן יראה־געפיל ווי א מלאך ה׳.
זיין פארלאנג איז דערפילט געווארן און ר׳ זושא האט דער־
גרייכט צו אזא יראה און פחד, אז ער האט זיך שוין נישט
געקענט קיין מנוחה געפינען. ער האט זייער שטארק גע־
ליטן און נישט געקענט מער אויסהאלטן. האט ער געבעטן
ביי גאט, אז ער זאל אים צוריקברענגען צו זיין פריערדיקן

מצב, זאָגנדיק: — דער מענטש אין גשמיותדיקן גוף קען צו אַזאַ מדרגה נישט דערגרייכן...

ער פלעגט אויך זאָגן: איך דערוואַרט נישט קיין באַצאָ־לונג בעולם הבא פאַר דעם, וואָס כ׳האָב געדינט השי״ת ווען כ׳האָב שוין באַנומען די אמתדיקייט פון זיין גרויס־קייט, איך דערוואַרט נאָר אַ באַצאָלונג פאַר דעם, וואָס כ׳האָב געדינט צו השי״ת מיט פשוטער אמונה, בדרך הקבלה.

מען דערציילט נאָך, אַז ר׳ זושא איז אַמאָל געקומען צו ר׳ שמעלקע ניקלשבורגער און געבעטן, ער זאָל מיט אים לערנען די תורת הנגלה. דער ניקלשבורגער רב איז אויף דעם באַשטאַנען, נאָר מיטן באַדינג, אַז דערפאַר זאָל ר׳ זושא לערנען מיט אים די תורת הנסתר. האָבן זיי אָנ־געהויבן צו לערנען. פרעגט ר׳ שמעלקע: וואָס װעלן מיר לערנען? און ר׳ זושא ענטפערט אים בזו הלשון: זושא איז אַן עם־הארץ און וויל לערנען משניות, מען דאַרף אים אָבער פאַרטייטשן יעדעס וואָרט. האָבן זיי אָנגעהויבן פון דער ערשטער משנה: מאימתי קורין את שמע. — ר׳ שמעל־קע פאַרטייטשט אים ווי געוויינלעך: פון ווען הויבט מען אָן צו זאָגן קריאת שמע. דאָ איז ר׳ זושאן באַפאַלן אַ שרעק און ער האָט אַ פרעג געטון: אפשר איז דער טייטש אַן אַנדערער: מאימתי — פון לשון אימה (שרעק), דאָס הייסט, אַז קריאת שמע דאַרף מען צו זאָגן מיט אימה און פחד? —אויב אַזוי — זאָגט צו אים דער ניקעלשבורגער — אויב דאָס איז לויט דיר נאָך, דער דרך הנגלה (דער פשוטער טייטש) — טאָ וואָס איז דער דרך הנסתר? (דער

באהאַלטענער זין פון דעם געשריבענעם) און זיי האָבן שוין זייער לערנען מער נישט ממשיך געווען.

אַזאַ מין שותפות איז אויך געווען, לויטן מעזריטשער מגידס אויסוואַל, צווישן זיין זון, ר׳ אברהם המלאך און ר׳ שניאור זלמן פון ליאַדי, ווען זיי זיינען נאָך יונג געווען. זיי האָבן איינגעטיילט דעם טאָג, ר׳ שניאור זלמן האָט זיין „שותף" געלערנט נגלה און ר׳ אברהם האָט מיט אים גע־לערנט נסתר. אָבער אויך די גמרא און תוספות, האָט דער „מלאך" געלערנט מיט זיינס אַ באַזונדערן „דרך". די נגלה געמאַכט צו נסתר און אויסגעטייטשט אין סודות און רמ־זים. ווען דער יונגער ר׳ שניאור זלמן האָט זיך אויף אים באַקלאָגט פאַרן „מגיד", האָט ער אים באַרואיקט: „דו לערן מיט אים נגלה און פשט, ווייז אים דעם אויסערלעכן לבוש און ער וועט דיר ווייזן דאָס אינעווייניקסטע, דעם תוך."

ר׳ נחומטשע טשערנאָבולער, פלעגט זיך נוהג־זיין — איידער ער האָט זיך מתדבק־געווען צום בעל־שם־טוב — צו פייניקן זיין גוף מיט פאַרשידענע עינויים און סגופים. חסידים דערציילן, אַז אַמאָל איז צו אים געקומען אַ מלאך און אים געוואָלט אַנטפּלעקן הייליקע סודות, אָבער ר׳ נחום האָט נשט געוואָלט און געזאָגט: וואָס איך זאָל נישט דערגרייכן, וויל איך דערגרייכן מיט אייגענער מי און מאַטערניש...

ר׳ משה פשעוואָרסקער האָט זיך אַמאָל צונויפגעטראָפן אין אַן אכסניה מיט אַ מתנגדישן רב. דער רב איז אויפ־געשטאַנען פון שלאָף זייער פרי. ווי נאָר עס איז ליכטיק געוואָרן האָט ער באַלד אָפּגעדאַוונט און נאָכן דאַווענען

— געלערנט זיין שעור. ר׳ משה פּשעוואָרסקער האָט אָבער אַזוי לאַנג געמאַכט די הכנות צום דאַווענען, אַז אין צווישנצייט איז אָפּגעלאָפן דער זמן התפלה. פרעגט אים דער רב: ילמדנו רבנו, גיט מיר צו פאַרשטיין, נאָכוואָס דאַרף מען אַזעלכע גרויסע הכנות? ענטפערט אים דער רבי — איך בין אייך מקנא, וואָס איר דאַוונט אין דער ריכטיקער צייט, אָבער איך, ווען איך שטיי־אויף אינ־דערפרי און זאָג: „מודה אני לפניך מלך חי וקים שהחזרת בי נשמתי", הויב איך אָן אַריינצוטראַכטן: ווער בין איך און ווער איז דער מלך, און וואָס איז מיין נשמה און צו בין איך ראוי צו דעם, וואָס מען האָט מיר צוריקגעגעבן די נשמה — און נאָך אַזעלכע גרונט־שאלות באַשעפטיקן מיר דעם מוח, ביז עס גייט דערווייל אַוועק דער זמן התפילה.

עס איז אַמאָל געקומען צו אים זיינער אַ תלמיד און זיך באַקלאָגט, אַז ער ליידט פון קאָפּ־ווייטיק צוליבן אריינ־טראַכטן בעתן דאַווענען. האָט ר׳ משה פּשעוואָרסקער צו אים אַ זאָג געטון: איך וואונדער זיך אויף דיר: ווי קומט דער קאָפּ צום דאַוונען? דאַוונען (תפילה) איז דאָך עבודה שבלב (האַרץ)...

דער רבי ר׳ בונם דערציילט: עס איז זיך אַמאָל פאַר־לאָפן אַ מעשה מיט איינעם, וואָס האָט אין יום־כפור גע־דאַוונט פאַרן עמוד און געוויינט אָן אויפהער ביז זיינע אויגן זיינען פאַרנעפּלט געוואָרן, ער האָט נישט געזען, וואָס עס שטייט אין מחזור — און זיך טועה געווען אין דאַווענען. האָט זיך דאָרטן געפונען איינער אַ „קלוגער ייד", וועלכער האָט צו אים געזאָגט: די טרערן ביים דאַוונען זיינען גוט, ווען מען איז מתפלל בלב (מען דאַוונט מיט האַרץ), אָבער

דער, וואָס דאַוונט מיט אַ מחזור דאַרף זיך גוט צוקוקן צו די אותיות, ער זאָל זיך נישט טועה זיין...

דער „חוזה" פון לובלין איז אַמאָל געקומען קיין מעזשי־בעזש און דער רבי ר' ברוכל האָט אים אויפגענומען מיט גרויס כבוד. ערב שבת איז ער מיטן „חוזה" געפאָרן אין זיין קאָטש זיך טובלען אין טייך. אויפן וועג האָט ר' ברוך געפּראַוועט מוראדיקע „יחודים". קומענדיק אויף אַ געוויסן פּלאַץ אין פעלד, פרעגט אים ר' ברוכל:—וואָס פילט דאָ דער „חוזה" פון פּוילן? און ער האָט אים געענטפערט: דעם אויר פון ארץ־ישראל. — אַזוי איז עס — האָט צוגעגעבן דער רבי ר' ברוכל. דערנענטערנדיק זיך צום טייך פרעגט ווייטער דער רבי ר' ברוכל: און וואָס פילט איצט דער „חוזה"?

— דעם אויר פון ירושלים, עיר הקודש — האָט דער רבי פון לובלין געענטפערט. דערנאָך, ווען זיי זיינען ביידע גע־ווען אין דעם ביידל, וואָס איז געשטאַנען ביים טייך, האָט דער „חוזה" מכוון געווען צו ר' ברוכלס פראַגע און אים געזאָגט, אַז ער פילט דעם אויר פון הר הבית. בעתן טובלען זיך אין טייך, האָט דער רבי ר'ברוכל אים ווידער געפרעגט, וואָס ער פילט איצט, און דער „חוזה" האָט געענטפערט: „בחינת נהרא דאפרסמונא". דער רבי ר' ברוכל האָט זיך מיט דעם געפרייט, ווייל ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דער „חוזה" האָט אים די גאַנצע צייט צוגעטראָפן.

ר' משה פשעוואָרסקער האָט זייער מקפיד געווען אין דער מצוות־טבילה און אפילו אין קאַלטע, פראָסטיקע טעג פלעגט ער זיך נוהג־זיין נישט דורכצולאָזן קיין איין טאָג אָן

טבילה אין מקווה. אויך זיין יונגן זון האָט ער צוגעוווינט צו דער מצווה. ווען דאָס יינגל איז אַמאָל אַריינגעגאַנגען אין קאַלטן וואַסער האָט ער אָנגעהויבן שרייען: אוי, אוי... אָבער נאָך דעם ווי ער איז אַרויס פון וואַסער און זיך דער־וואַרעמט, האָט ער פון גרויס הנאה, אויסגערופן: האַ, האַ... זאָגט צו אים דער פאָטער: דאָס איז דער אונטערשיד צווישן אַן עבירה און אַ מצווה. אַז מען טוט אַן עבירה שרייט מען צוערשט „האַ", און שפּעטער „אוי", אָבער ביי אַ מצווה־טון איז פאַרקערט. צוערשט שרייט מען „אוי" און דערנאָך — מיט הנאה: „האַ"... וועגן ר' משה פּשע־וואָרסקער, וועלכער איז אויך געווען אַ סופר ־סת"ם און פיל גרויסע חסידים פלעגן וועלן דאַוונען נאָר אין תפילין, וואָס ער האָט געשריבן — דערציילט מען אויך, אַז בעת זיין אַרבעט פלעגט ער אַרויסרופן ניצוצות הקדושה (הייליקע פונקען) פאַר אַלעמענס אויגן.

צווישן די רביים זיינען געווען אַזעלכע, וועלכע פלעגן זיך נוהג־זיין צו דאַוונען מיט גרויס התלהבות און אויף זייער שטייגער פלעגן זיך, פאַרשטענדלעך, אויך פירן זייע־רע חסידים. אַ בולטער אויסדרוק פון דעם התלהבותדיקן דאַוונען, וואָס איז דערגאַנגען ביז צו התפשטות הגשמיות, איז געווען ר' שלמהלע קאַרלינער. ווען עס האָט אים אַמאָל איינער געבעטן, אַז ער זאָל צומאָרגנס אַריינקומען צו אים, האָט ער זיך זייער געוואונדערט און אים געפרעגט: ווי קענסטו דאָס פאַרלאַנגען פון מיר? ביינאַכט דאַרף איך נאָך דאַוונען מעריב און לייענען קריאת־שמע, וואָס איז פאַר־בונדן מיט אַ סכנה און מסירות־נפש. אינדערפרי — דאַ־ווענען שחרית מיט אַלע אירע מדרגות, ביז איך וועל צוקו־

מען צו קריאת־שמע און נפילת־אפים. דעמאָלט געפינט זיך ממש די נשמה אויף דער שוועל פון צוויי וועלטן. עס איז, וואָס אַן אמת, מענלעך, אַז איך וועל, מיט גאָטס הילף בלייבן לעבן, אָבער ווי קען איך דיר דאָס צוזאָגן? אויף זיין תלמיד, דעם „שרף" — ר' אורילע סטרעליסקער, דער־ציילט מען, אַז אוועקגייענדיק אין בית־המדרש אריין דאַ־ווענען, פלעגט ער זיך נוהג זיין איבערצולאָזן אין שטוב אַ צוואה און געזעגענען זיך מיט זיין ווייב און קינדער...

ווען ר' אורילע איז נפטר געוואָרן, איז אַ טייל פון זיינע חסידים אַוועק צו ר' ישראלטשע ריזשינער. וועלכער איז דאַן געזעסן אין סאדיגורע אין גאַליציע. ער האָט נישט גע־האַלטן פון אַזאַ „דרך" אין דאַוונען. אין זיין „הויף" האָט געהערשט רואיקע התנהגות, געלאַסנקייט, אפילו בעתן דאַווענען. ער האָט פאַרלאַנגט פון זיינע נייע חסידים צוצו־פאַסן זיך צו דעם אָרטיקן שטייגער און דאַוונען שטיל. עס זיינען געווען צווישן זיי אַזעלכע, וועלכע האָבן מיט דעם נישט געקענט מסכים זיין און זיינען אַוועק צום צדיק ר' יהודה־הערשל סטרעטינער, וועלכער איז געגאַנגען מיטן „שרף"ס וועג. אַנדערע האָבן יאָ אָנגענומען דעם נייעם „דרך". דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסן קרבן פון זייער זייט און איבערלעבונגען. חסידים דערציילן, אַז איי־נער פון זיי, ר' יוסף פון טאָפּאראוו, האָט אַמאָל, באַמיענ־דיק זיך צו דערשטיקן אין זיך דעם אויסברוך פון התלהבות ביים דאַוונען, נישט געקענט אויסהאַלטן און איז אַוועק־געפאַלן און אויסגעהויכט די נשמה.

וועגן זיין „רואיקן" דרך אין עבודת ה', וואָס איז געווען אין קעגנזאַץ צו ר' לוי יצחק בערדיטשעווערס „דרך" פון

שטאַרקער התלהבות, האָט אַמאָל דער ריזשינער געזאָגט: עס זיינען פאַראַן צדיקים, וועלכע דינען השי"ת מיט אַלע זייערע איברים און עס זיינען פאַראַן אַזעלכע, וועלכע האָבן אַזוי שטאַרק מורא פאַר גאָט, אַז זיי ציטערן אַ ריר צו טאָן מיט אַן אבר... ער האָט אויך געזאָגט, אַז דער מענטש דאַרף וויסן, אַז דאָס רעדן איז אַ חרב פיפיות (אַ שווערד מיט צוויי שאַרפן) און דעריבער דאַרף דער מענטש קענען אויפשטעלן אַ מזבח פאַר השי"ת אויך מיט זיין שווייגן.

„בכל דרכיך דעהו" — איז געווען איינע פון די חסידי־שע לאָזונגען. דינען השי"ת — קען מען שטענדיק און אומעטום. אפילו אין די טאָג־טעגלעכע געשעפטן און אַרבעט איז לייכט צו דערגרייכן צו אַ הויכער מדרגה. דער עיקר איז — די כוונה.

וועגן ר' מרדכי ניעשכיזער, וועלכער איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן און פיינט געהאַט געלט (ער פלעגט זאָגן, אַז געלט (כסף) איז „לשון כוסף וחושק" — גייציקייט און גליסטונג), האָט מען דערציילט, אַז אַ גאַנץ יאָר פלעגט ער זאַמלען אַ גראָשן צו אַ גראָשן בכדי זיך צו קענען קויפן אַ שיינעם אתרוג אויף סוכות. איינמאָל, ערב יום־טוב, איז ער געפאָרן קויפן אַן אתרוג, האָבנדיק מיט זיך אַ גרעסערע סומע. קומענדיק אויפן מאַרק, האָט ער געזען ווי אַ ייד זיצט און וויינט. ער איז צו אים צוגעגאַנגען און געפרעגט פאַרוואָס ער וויינט. ווי איז צו מיר — האָט דער ייד געענטפערט מיט אַ טיפן זיפץ — אַ גרויס אומגליק איז מיר געשען. איך בין אַ וואַסער־טרעגער. איך ברענג וואַסער אין שטאָט אַריין און האָב קוים פרנסה. און אָט האָט מיך געטראָפן אַן אומגליק: מיין פערד איז אַוועקגעפאַלן ערב

יום־טוב און איצט קומט מיר נאָר אויס צו ווערן אַ בעט־לער און בעטן נדבות.

האָט ר׳ מרדכי אַרויסגענומען פון טאַש זיין געלט, אַוועק־געגעבן עס דעם וואַסער־טרעגער און געזאָגט צו אים: גיי קויף זיך אַ פערד און ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים, צו זיך אין שטאָט אַריין. דאָרט האָט ער מיט שמחה אויסגע־רופן: געלויבט איז גאָט, וואָס ער האָט מיר צוגעשיקט אַזאַ שיינע מצווה. אַלע יידן וועלן בענטשן איבער אַן אתרוג און איך איבער אַ פערד...

אַזוי האָבן געקענט זיך נוהג זיין די חסידישע צדיקים. זייערע אַלע מעשים זיינען געווען דורכגענומען מיט קדושה און נישט אומזיסט האָט געזאָגט ר׳ לייב שרהס: „איך פאָר נישט צו מיין רבין, דעם מעזריטשער מגיד, כדי צו הערן פון אים תורה, נאָר צו זען ווי ער טוט אָן זיינע שיך און טוט זיי אויס, וויל דער אמתער צדיק דאַרף גאָרנישט זאָגן מיין תורה, אַלע זיינע מעשים דאַרפן זיין אַ תורה שלימה״...

עס איז איבעריק צו דערמאָנען, ווי ווייט די רביים זיינען געווען אָפּגעהיטן אין שמירת־שבת און ווי גרויס עס זיינען געווען זייערע אָנשטרענגונגען צו באַשיינען די מצוות און די הייליקייט פון שבת. פונדעסטוועגן געפינט זיך צווישן די חסידישע געשטאַלטן איינער — ר׳ אהרן־לייב, דער פאָ־טער פון ר׳ מאירל פּרעמישלאַנער — וועלכער איז באַ־זונדער אָנגערופן געוואָרן „שומר שבת״. אויף זיין מצבה איז אויפגעשריבן: „פה נטמן שומר שבת כהלכתה״. ער האָט זיך נוהג־געווען אַליין זיך צו פאַרנעמען מיט הכנות צום שבת און געלייגט גרויס אַכט אָנצוגרייטן אַלץ פון שענסטן און בעסטן, טראָץ דעם, וואָס אין די וואָכן־טעג

האָט ער געלעבט אין נויט. אויך ווען עס פלעגט אויספאַלן יום־כיפור אין שבת האָט ער אַלץ אָנגעגרייט ווי געוויינלעך און געזאָגט: רבונו של עולם, פון מיין זייט איז נישטאָ קיין שום מניעה צו האָבן דעם פולן עונג־שבת, די מניעה איז נאָר פון דיין זייט, ווייל דו האָסט געהייסן פאַסטן און אויב דאָס איז דיין פאַרלאַנג — אַזוי וועל איך אים דערפילן...

מען דערציילט אויך וועגן אים, אַז אין יאָר תקע"ג האָט ער אַ פּאָר מאָל אויסגערופן פאַר זיינע מקורבים: „די אָדערן שטעכן מיך" — און זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען דעם רמז. ווען ער איז ב' דאדר ב' נפטר געוואָרן — האָבן אַלע פאַרשטאַנען צו וואָס ער האָט געצילט מיט זיינע ווערטער.

חסידים דערציילן, אַז אין די שבתים איז ר' אהרן־לייב געווען מיט אַ קאָפּ העכער ווי אין די וואָכן־טעג, פונקט אַזוי באַשטעטיקט ר' שלום בראהינער, אַז ער האָט אַליין געזען, ווי דאָס פּנים פונם רבין ר' יצחק סקווערער פלעגט אַ גאַנצע וואָך זיין בלאַס און ווייס ווי קאַלך, אָבער אין שבת האָט זיין געזיכט געלויכטן מיט אַ געטלעך פייער.

פאַקסימיליע פון ר' מאירל פּרעמישלאַנערס אונטערשריפט

## ז.

די אוהבי-ישראל.—יידן—דאָס חיות פון דער וועלט. — „אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו". — די באַציאונג צום זינדיקן. — די התנהגות מיט קינדער. — אַ ביישפּיל פאַר הקב"ה. — דער צוזאַמענטרעף צווישן ר' ישראלטשע ריזשינער מיט דעם „ישועות יעקב". — אַ געווינלעכער טשוואָק. — ווי אזוי אַ מענטש דאַרף זיך פּרואוון. — ווי אַ פערד טרינקט וואַסער פון טייך. — ר' מאירל פּרעמישלאַנערס עצה פאַר הקב"ה. — ר' לוי יצחק בערדיטשעווערס טענות. — ר' משה קאָבריגערס ליד. — דעם „שפּאָלער זיידנס" דין תורה.



י חסידישע באַוועגונג פאַרמאָגט אַ באַזונדערע פּלעיאַדע פון אוהבי ישראל. די לאָזונג פון אהבת ישראל געהערט נישט צו די חידושים פון חסידות, אָבער אין דער באַוועגונג האָט זי געפונען טרייע און איבערגעגעבענע פאַרווירקלעכער. חסידים זאָגן, אַז עס איז געגעבן צו דער־מאָנען בלויז דעם נאָמען בערדיטשעוו, כדי אַרויסצורופן אַ גוט־זאָגן (סנגוריה) אויף יידן. — דאָס איז צו פאַרדאַנקען דעם „קדושת לוי״, ר׳ לוי יצחק, וועלכער האָט גע־לעבט אין דער דאָזיקער שטאָט. ר׳ לוי יצחק איז באַוואוסט אַלס דער גרויסער פאַרטיידיקער פונם פאָלק יש־ראל. ער האָט געזוכט צו באַרעכטיקן און צו פאַרענטפערן די פעלערן ביי יידן. ער געפינט שטענדיק אויס „פאַרלייכ־טערנדיקע אומשטענדן״, אַ באַרעכטיקונג און פאַרענטפער, אין ליכט פונם געגעבענעם מצב און באַדינגונגען. ר׳ לוי יצחק איז טאַקי דער אָממיינסטן באַוואוסטער „אוהב יש־ראל״, אָבער ער איז נישט דער איינציקער. עס זיינען ענ־לעך צו אים אין דעם פּרט רבי זושא האַניפּאָלער, ר׳ מנחם מענדל קאָסאָווער, ר׳ משה לייב סאַסאָווער, ר׳ שלמהלע קאַרלינער, ר׳ וועלוועלע זבאַראַזשער, ר׳ דודל פון לעלעוו, דער „חוזה״ פון לובלין, ר׳ מאירל פּרעמישלאַנער, ר׳ שמ־חה בונם פון פּשיסכע, ר׳ אברהם יהושע העשל אַפּטער א. א.

אָט דער יסוד פון אהבת ישראל איז געפלעגט געוואָרן מיט אַ באַזונדערער פאַראינטערעסירונג אין דער חסידישער ליטעראַטור. עס איז די פּליכט ליב צו האָבן נישט בלויז

דעם כלל, נאָר אויך יעדן איינציקן ייד באַזונדער. די פירער פון דער חסידישער באַוועגונג האָבן אָן אויפהער געטענהט, אַז די יידן זיינען דער „שורש כל הנבראים", דאָס „חיות" פון אַלע וועלטן און צוליב דעם — „כל הדן את ישראל דן כביכול אותו יתברך, כי ישראל אחדות גמורה עם השי"ת".

די כוונה פונם חסידות איז געווען צו פאַרשטאַרקן אַזוי אַרום דעם דערהאַלטונגס־כוח פון יידישן פאָלק און די אמונה אין זיין נצחיות, אין גוטע צייטן, וואָס וועלן נאָך קומען, ווייל „דער עיקר פון דעם באַשאַף — ווי עס זאָגט ר' פנחסל קאריצער — איז דאָס יידישע פאָלק און אויב ישראל וועט ח"ו נישט זיין, וועלן די שונאי־ישראל נישט עקזיסטירן". ר' נחמן בראַצלאַווער גיט צו, אַז די יידן זיי־נען דאָס האַרץ פון דער וועלט און „אפילו פון די פושעי־יש־ראל, וועלכע רופן זיך נאָך יידן, האָט השי"ת אַ גרויסן פאַרגעניגן".

ר' שניאור זלמן מלאדי האָט, פאַרטייטשנדיק דעם מאמר „אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו", געזאָגט: „מען דאַרף גוט אַכטונג געבן מקיים צו זיין דעם מאמר חז"ל „הוה שפל רוח בפני כל אדם" באמת פאַר יעדן מענטש, אפילו פאַר אַ קל שבקלים, ווייל זיין מקום (אָרט) איז גורם צו זיין חטא, צו זוכן זיין פרנסה אין מאַרק, און געפינען זיך שטענדיק אין גאַס און זען אַלץ, און ווען דאָס אויג זעט — דערוועקט זיך אין האַרצן די תאווה. אַנדערש איז אָבער מיט דעם, וועלכער קומט ווייניק אין גאַס און זיצט אין שטוב און לערנט און זוכט די נאָענטקייט צו גאָט. דער חטא פון אַזאַ איינעם און זיין שולד איז פיל גרעסער — דורך דעם, וואָס ער באַקעמפט נישט און איז נישט גובר

דעם יצר — פון דעם קל שבקלים און פון די, וועלכע מוזן זיך געפינען ווייט פון תורה־ערטער און פון גאַטס וואָרט. די שולד פון יענע איז דעריבער נישט אַזוי גרויס, ווען זיי זייַנען נישט כובש זייער יצר, וואָס ברענט אין זיי ווי אַ פייער און דעריבער האָבן די חז"ל געזאָגט וועגן אַזעלכע מענטשן, עמי־הארצים, אַז „זדונות נעשו להם כשגגות".

דער כלל ישראל אַנטהאַלט אין זיך פאַרשידענע יסודות און די אַלע יסודות זייַנען וויכטיק פאַרן קיום פונם כלל. ר' נחמן בראצלאווער זאָגט: מען דאַרף זיך באַמיען צו זוכן יעדן זכות און יעדע גוטע זאַך, וואָס מען קען נאָר אויסגעפינען ביי יידן, ווייל די יידן זייַנען ווי אַ קרוין פאַר השי"ת אין וועלכער מען דאַרף אַרייַנגעבן אַלע מינים בריליאַנטן, דאָס הייסט — אַרייַנברענגען אין יעדן איינעם ייד יעדן מין זכות און גוטסקייט, וואָס מ'קען נאָר געפינען".

לויט די ווערטער פון ר' נחומטשע טשערנאָבילער „האָט השי"ת פאַרגעניגן פון יעדן ייד, אפילו פון אַ גרויסן רשע, און אַז עמיצער רעדט לשון־הרע אויף אַ ייד, אפילו ווען ער זאָגט אמת, איז ער מבטל דעם תענוג פון השי"ת".

דער צדיק און מקובל ר' הירש זידיטשאָווער האָט אויסגעטייטשט דעם פסוק „כי אתה שומע תפילת כל פה" — תפילת כל פה, אפילו די תפילה פון אַ מענטשן, וואָס איז מיט זינד, אויף וועלכע מען זאָגט: פע...

די גדולי החסידות האָבן נישט פאַרטראָגן דאָס מקטרג־זיין און באַשולדיקן יידן. דער „ייד הקדוש" פון פשיסכע זאָגט, אַז ביי רופן צו תשובה־טון, דאַרף מען זיך נישט באַנוצן מיט שטראָף־ און זידל־ווערטער, נאָר מען דאַרף דערנענטערן די זינדיקע מיט ליבשאַפט. דער צדיק דאַרף

פארשטיין דעם זינדיקן און זיין מצב. דערנענטערן זיך צו אים בכדי משפיע צו זיין אויף אים.

אז מען וויל עמיצן ארויסנעמען פון בלאָטע — זאָגט ר׳ שלמהלע קארלינער — מוז מען זיך אראָפּלאָזן טיף אין דער בלאָטע און אזוי ארום יענעם שטארקן. זיין וואונטש איז געווען, אז ער זאָל קענען ליב האָבן דעם גרעסטן צדיק אין אזא מאָס, ווי הקב״ה האָט ליב דעם גרעסטן רשע. ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער האָט געזאָגט, אז „נאָר דער, וועל־כער קען מוכיח־זיין יידן מיט גוטע ווערטער איז ראוי צו זיין א מנהיג ביי יידן״.

ר׳ שמחה בונם פון פשיסכע זאָגט, אז יעדער דארף האָבן א חבר און טרייען פריינט, פאר וועלכן ער זאָל זיך קענען אראָפּרעדן פונם הארצן און דערציילן אים וועגן אלע זיינע מעשים, אפילו די מיאוסע. אין דער באציאונג צו זיין חבר און אפילו אין דער התנהגות מיט זיינע קינדער, אויב ער פארמאָגט די מידה פון גרייט־זיין צו פארגעבן און מוחל־זיין אויף באגאנגענע עוולות — זאָגט ר׳ שלמהלע קארלי־נער — קען דער מענטש זיין א ביישפּיל פאר הקב״ה, כביכול, ווי אזוי ער זאָל זיך נוהג זיין מיט זיינע קינדער...

אויב יעדער מענטש דארף זיך אזוי נוהג־זיין, על אחת כמה וכמה דער מנהיג פון פאָלק. חסידים דערציילן, אז ווען ר׳ ישראלטשע ריזשינער איז אמאָל געקומען צו דאָקטוירים קיין לעמבערג, האָט ער אויך באזוכט דעם לעמבערגער רב, דעם גאון ר׳ יעקב אָרנשטיין, דעם „ישועות יעקב״, וואָס איז געווען א מתנגד. דער רב האָט געמיינט, אז דער רבי וועט בעת זיין באזוך שמועסן מיט אים וועגן הלכה־ענינים און אריינלאָזן זיך אין א שארפן פילפול און חידושי

תורה. אָבער ווען דער ריזשינער איז צו אים געקומען, איז זיין ערשטע פראַגע געווען. „מיט וואָס דעקט מען ביי אייך די הייזער"? דער רב האָט אים געענטפערט: „מיט בלעך". דער ריזשינער פרעגט אים דאַן ווידער „פאַרוואָס מיט בלעך?" און דער גאון ענטפערט: „דאָס איז אַ גוטע פאַרהיטונג פאַר פייער". „אויב אַזוי — פרעגט ווידער דער ריזשינער — קען מען זיי דאָך דעקן מיט ציגל?" נאָכן גע־זעגענען זיך, ווען ר' ישראלטשע ריזשינער האָט פאַרלאָזט זיין הויז, האָט זיך דער גאון צעלאַכט און געזאָגט צו זיינע אַרומיקע: „דאָס איז עס דער באַרימטער צדיק, מיט וועלכן עס רודערט די וועלט?". בינו לבינו האָט ר' מאירל פּרע־מישלאַנער געהערט וועגן ריזשינערס באַזוך אין לעמבערג, איז ער באַלד אַהין געפאָרן, ער האָט אים שוין אָבער נישט געטראָפן. ווען מען האָט אים דערציילט וועגן שמועס, וואָס דער ריזשינער האָט געהאַט מיטן רב, האָט ר' מאירל פּרע־מישלאַנער געזאָגט: „דער גאון האָט במחילת כבודו נישט פאַרשטאַנען דעם זין פון דעם ריזשינערס ווערטער. דער ריזשינער צדיק האָט בדרך רמז געזאָגט: פּונקט אַזוי ווי דער דאַך באַשיצט דאָס גאַנצע הויז, אַזוי אויך דאַרף דער רב מגין זיין אויף דער שטאָט, לכן דאַרף דער רב האָבן אַ לב נשבר, ווי ציגל, וואָס לאָזן זיך לייכט ברעכן, און נישט אַ האַרץ, וואָס איז אַזוי האַרט ווי בלעך"...

ר' משה קאָברינער האָט געזאָגט: אַ מנהיג פון יידן טאָר נישט טראַכטן, אַז דער מלך פון דער וועלט האָט אים אויסגעקליבן, ווייל ער איז גרעסער און בעסער פון אַלע. אויב אַ מלך בשר ודם וויל אוועקלייגן זיין קרוין, הענגט ער זי אויף אַ געוויינלעכן טשוואָק אין דער וואַנט.

וועט דען דער טשוואָק טראַכטן, אַז ער איז חשוב דערמיט, וואָס אויף אים האָט דער מלך אויפגעהאָנגען זיין קרוין? אַזוי דאַרף אויך דער מנהיג פאַרשטיין, אַז ער איז נישט מער ווי אַ געוויינלעכער טשוואָק, און נאָר צופעליק האָט דער מלך אויפגעהאָנגען אויף אים זיין קרוין...

ר׳ ישראלטשע ריזשינער האָט באַצייכנט זיין אויפגאַבע מיט פאָלגנדיקע ווערטער: איך בין אַ „גראָביאַן״, דאָס הייסט אַ פּשוטער מענטש. און ער האָט עס פאַרטייטשט: יעדער מענטש ווערט אָנגערופן לויט זיין באַשעפטיקונג. דער וואָס פאַרנעמט זיך מיט בלעך־אַרבעטן, ווערט אָנגערופן בלעכער, דער, וואָס מאָלט מעל, ווערט אָנגערופן מילנער און אַזוי אויך אין די אַנדערע באַשעפטיקונגען און איך, וואָס מיין אַרבעט איז צו באַשעפטיקן זיך מיט פּשוטע, „גראָבע״ מענטשן און מיין אויפגאַבע איז זיי אויסצופיינערן און איידעלער צו מאַכן, ווער אָנגערופן מיטן נאָמען פון מיין מלאכה: „גראָביאַן״...

ביי אַן אַנדער געלעגנהייט האָט דער ריזשינער געזאָגט: „עס זיינען פאַראַן מענטשן, וועלכע פרעגן זיך אויף מיר מיט וואָס איך בין אַ „גוטער ייד״. דער אמת איז, אַז איך בין נישט קיין „גוטער ייד״, כ׳בין גאָרנישט, ווייל איך וויים, וואָס איך בין ווערט. איך פאַרלאַנג נאָר דעם אמת און ווער עס רעדט אויף מיר איז פּונקט ווי ער וואָלט גערעדט אויף הקב״ה... „ער וועט פאַרשוואַרצט ווערן בעולם הזה ובעולם הבא״. איך וויל זיך דערמיט נישט באַרימען, חס וחלילה. גלויבט מיר, אַז איך בין אַ חלק פון יידישן נפש און אויב עס טוט עפּעס ווי אַ ייד אין עק וועלט פיל איך עס באַלד״...

דער „ייד הקדוש״ פון פשיסכע זאָגט, אַז „יעדער מענטש אויף דער וועלט האָט זיין „פּראָבע״ (בחינה) בכדי צו וויסן צי ער איז גוט. וואָס איז די „פּראָבע״ פון אַ ייד בכדי צו וויסן צי ער גייט אין ריכטיקן וועג, אין די וועגן פון השי״ת — דאָס איז אהבת ישראל. אויב אַ ייד זעט, אַז עס וואַקסט ביי אים די ליבע צו יידן מיט יעדן טאָג, איז עס אַ סימן, אַז ער איז געשטיגן אין דער עבודת השי״ת. ר׳ משה קאברינער פלעגט זאָגן, אַז איין שבח וועט מען אויף אים קענען זאָגן, אַז ער האָט באמת ליב געהאַט יידן און געווען פאַר זיי אַ ידיד־אמת...

אומפאַרשטענדלעך איז לויט דער חסידישער אויפפאַסונג געווען די קעגנזייטיקע קאָנקורענץ צווישן איין ייד און דעם צווייטן. די איבערגעטריבענע דאגה פאַר פּרנסה איז איבעריק און נישט נויטיק. ר׳ מאירל פּרעמישלאַנער פאַר־טייטשט דעם פּסוק: „ה׳ ילחם לכם ואתם תחרישון״ — ה׳ ילחם לכם — ער גיט אייך ברויט (לחם), אַלץ וואָס איר האָט נויטיק, ואתם תחרישון — פונדעסטוועגן זינדיקט איר (חורשי עוון) און זוכט אַ וועג צו האָבן פּרנסה... דע־ריבער אויך, ווען עס איז אַמאָל צו אים געקומען אַ ייד פון זיין שטאָט און באַקלאָגט זיך, אַז זיינער אַ שכן האָט גע־עפנט אַ געוועלבל, דאָס זעלבע ווי זיינס און נעמט אים צו די פּרנסה, האָט אים ר׳ מאירל געזאָגט: האָסט שוין געזען אַמאָל, אַז אַ פערד טרונקט וואַסער פון טייך, טופּעט ער מיט זיינע פיס אין דעם וואַסער. דאָס פערד זעט זיך אין וואַסער און מיינט, אַז נאָך אַ פערד איז אויך געקומען טרינקען, טופּעט ער דעריבער מיט די פאָדקאָוועס, ער זאָל נישט קענען טרינקען זיין וואַסער. אַזוי פירט זיך אַ פערד,

אָבער אַ מענטש דאַרף וויסן, אַז עס וועט זיין גענוג וואַסער פאַר אַלע און איינער נעמט נישט צו דאָס, וואָס איז באַשערט פאַרן צווייטן...

ר׳ מאירל פאָדערט פון הקב״ה פרנסה בריווח פאַר די יידן, ווי אַ תנאי פאַר קענען מקיים־זיין די מצוות און איז מפרש דעם פסוק „פן תאכל ושבעת ובתים טובים תבנה וישבת ובקרך וצאנך ירביון וכסף וזהב ירבה לך וכל אשר לך ירבה ורם לבבך ושכחת את ה׳ אלהיך״: „רבונו של עולם, אפשר ועסטו מיט דעם וועג פרווון דאָס יידישע פאָלק, אַרויסגעבנדיק אויף אים גוטע גזרות. צוערשט וועסטו גוזר־זיין פרנסה בריווח און אַ שיינע דירה פאַר יעדן ייד, שאָף און רינד לרוב, דערנאָך גאָלד און זילבער. „וכל אשר לך ירבה״ — דאָס הייסט, אַז יעדער איינער וועט זוכה זיין אויפצוהאָדעווען זיינע קינדער און דאַן „ורם לבבך״ — אַז יידן וועלן פריי זיין פון זאָרגן, — „ושכחת את ה׳ אלקיך״, פונם לשון שכיח, וועט יעדער איינער זיין שכיח מיט גאָט און וועט מקיים זיין יעדע רגע דעם „שויתי ה׳ לנגדי תמיד״...

די חסידישע אגדה האָט צו די דאָזיקע טיפזיניקע ווערטער צוגעגעבן אויך איר זין, אַ נופך משלה. דער „קדושת לוי״ טענהט: אויב איין גאָט האָט אונז אַלע באַשאַפן און אַלע יידישע נשמות שטאַמען פון איין און דעם זעלבן מקור דאַרף זיין, אַז ווען איינער האָט צער, דאַרף אויך זיין חבר דערשפירן אים, און אויב אַ ייד פרייט זיך דאַרף אויך אַ צווייטער ייד פילן זיין פרייד״ און דעריבער — פלעגט ר׳ דודל לעלעווער איינשמועסן מיט זיינע חסידים — ווי קענט איר אויף מיר זאָגן, אַז איך בין אַ צדיק, אין דער צייט ווען

איך פיל נאָך מער ליבשאַפט צו מיין זון ווי צו אַנדערע יידן...

לויט דער מיינונג פון די גרויסע חסידים דאַרף אָפּגע־שאַפט ווערן די מחיצה צווישן איינעם און צווייטן און יע־דער איינער דאַרף זיך פאַראינטערעסירן מיטן אַנדערנס ענינים געגנוי אַזוי ווי מיט זיינע אייגענע. ר' משה לייב סאַסאָווער האָט געזאָגט, אַז די ערשטע מדרגה פון אהבת ישראל איז מחייב, אַז אַ מענטש זאָל קענען אויסהיילן דעם חברס אַ מכה, אויסזויגנדיק דעם אייטער פון איר, נישט פאַרקרומענדיק אפילו זיין פּנים... דער זלאָטשעווער מגיד האָט געלערנט זיינע קינדער מתפלל־זיין פאַרן וואויל פון זייערע שונאים. ער האָט בכלל נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס עס איז אַזוינס שנאה צווישן איין ייד און צווייטן.

די גרויסע צדיקים האָבן זיך געקענט דערהויבן צו אַ גרויסער מדרגה אין זייער מלחמה פאַר יידן. זיי האָבן זיך אויך נישט אָפּגעשראָקן צו משפּטן זיך מיט הקב"ה כבי־כול. דער ערשטער פון דעם „דרך" איז געווען ר' לוי יצחק בערדיטשעווער. ווי חסידים דערציילן זאָל דער בעל־שם־טוב האָבן געזאָגט צו די אַרום זיין טיש זיצנדיקע חסידים: ווען ר' לוי יצחקס נשמה האָט געמוזט אַראָפּגיין אויף דער וועלט האָט סמאל נישט געוואָלט, אַז אַזאַ גרויסע נשמה זאָל זיך באַווייזן. ער האָט זיך געשטעלט פאַר גאָט און געטענהט, אַז מיט דעם באַווייזן זיך פון אָט דעם סניגור, ווערט ביי אים צוגענומען זיין שליטה...

ס'האָט אַמאָל פּאַסירט ראש השנה, בעתן שופר־בלאָזן, אַז דער שטן האָט געשטערט די תקיעות, האָט דער בער־דיטשעווער אַרויסגעלאָזט זיין שופר פון האַנט און אויסגע־רופן:

— אויב אַזוי, רבונו של עולם, זאָל איוואַן בלאָזן שופר!...

אין זיינע טענות צום הימל האָט ער אַמאָל געזאָגט: זע, רבונו של עולם, דעם חילוק צווישן אונז און די גוים. ווען ביי זיי זאָל זיין אַזאַ טאָג ווי ערב יום־כיפור, ווען מען דאַרף מרבה־זיין באכילה ובשתיה, וויפיל גויים וואָלטן זיך פאַר־נאַכט געוואַלגערט שיכור אין די גאַסן — אָבער יידן פילן־אָן די בתי־תפילה און וויינען פאַר דיר: „כל נדרי"...

ער האָט נישט נוטה געווען צו באַרעכטיקן די השגחה עליונה פאַר אַלץ, וואָס פּאַסירט מיטן יידישן פאָלק. איינמאָל, אויפשטייענדיק פרי צו סליחות, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט ביים עמוד, אונטערגעוואַרט אַביסל און אָנגעהויבן: „ולנו בושת הפנים". „לך ה' הצדקה" האָט ער נישט געוואָלט זאָגן. שפּעטער, אין מיטן סליחות, האָט ער פּלוצלינג מפ־סיק געווען און אויסגערופן: רבונו של עולם, מיר זיינען דאָך שוואַך און האָבן נישט קיין כוח אויף לאַנגע תפילות ותח־נונים; דו ביזט דאָך מעכטיק, זאָג איין וואָרט: סלחתי...

איינמאָל, ראש־השנה וואָס איז אויסגעפאַלן אין שבת, האָט ער געוואָלט אויספועלן ביי הקב"ה כביכול אַ כתיבה וחתימה טובה פאַר יידן, האָט ער אַ זאָג געטון: אויב די וועסט אָנשרייבן אַ גוט יאָר, מעגסטו שרייבן שבת, ווייל פקוח־נפש איז דוחה שבת, נאָר אויב חס וחלילה נישט — ווער האָט דיר מתיר געמאַכט צו שרייבן אין שבת?...

ער האָט אַמאָל געטענהט כלפּי מעלה: רבש"ע, דו מוזט מוחל־זיין די יידן זייערע זינד, אויב נישט וועל איך מגלה־זיין, אַז דיינע תפילין זיינען פּסולע, ווייל וואָס איז געשריבן אין זיי? — „ומי כעמך ישראל גוי אחד". דאָס וואָרט פלעגט אויך אָפט באַנוצן דער רבי ר' זושא.

עס איז אויך באַקאַנט ר׳ משה קאָברינערס אַ שיר, וואָס חסידים פלעגן זינגען און אין וועלכן זיי האָבן זיך „פאַר־הערט״ מיט די מלאכים אין הימל. זיי — האָבן די חסידים־געטענהט — קענען זיין מלאכים, ווייל זיי זיינען אין די הימלען און זיינען פטור פון עסן, טרינקען און אַנדערע ערדישע דאגות. זאָלן זיי, אָבער, אַראָפּקומען אויף דער ערד, וועט מען זען צי זיי וועלן אויך דעמאָלט זיין מלאכים...

די גרויסע צדיקים האָבן אָפט איינגעאָרדנט „משפטים״ מיט דער השגחה העליונה כביכול. וועגן איינער אַזאַ טענה ומענה מיט גאָט וועלן מיר דאָ דערציילן, ווי עס איז באַשריבן אינם ספר „תפארת מהרא״ל״: אין יאָר תק״מ האָט געהערשט אַ גרויסער הונגער איבער גאַנץ רוסלאַנד און די ליידן פון די אָרעמע יידן זיינען געווען נישט צום איבערטראָגן. די הילפס־באַמיאונגען פונם „שפּאָלער זיידע״ פאַר זיין עדה יידן זיינען נישט גענוג געווען צו לינדערן זייער נויט. ער האָט באַקומען פיל בריוו, פון נאָענטע און ווייטע מקומות, ער זאָל מרעיש־עולמות־זיין מיט זיינע תפי־לות. האָט דער „שפּאָלער זיידע״ צונויפגערופן צו זיך צען צדיקים: ר׳ זושא האַניפּאָלער, ר׳ לייבעלע פולנאָער, ר׳ יעקב שמשון שעפּיטאָווקער, ר׳ וועלוועלע זשיטאָמירער, ר׳ גדליה פון לוניעץ, ר׳ ישראל און ר׳ עזריאל פון פּאָלאָצק, ר׳ לייב בערדיטשעווער, ר׳ מרדכי ניעשכיזער און ר׳ נטע ראָזדאָלער. זיי זיינען אַלע געקומען. דער „זיידע״ האָט זיי אַוועקגעזעצט אַרום טיש און האָט צו זיי געזאָגט, אַז ער רופט דעם רבונו־של־עולם צו אַ דין־תורה און ער וויל, אַז זיי זאָלן זיין די דיינים. דער שמש האָט מכריז געווען בזה הלשון: „מיט דעם באַפעל פון דער הייליקער עדה, וואָס

געפינט זיך דאָ, בין איך מכריז ומודיע, אַז רבי לייב בן רחל רופט דעם רבונו־של־עולם צו אַ דין־תורה, און די דין־תורה וועט זיין אין דעם חדר, אין דריי טעג אַרום״. במשך פון די דריי טעג זיינען אַלע געווען אָפּגעשלאָסן אין דעם חדר; זיי האָבן געפאַסט, געלערנט און מתפלל געווען און קיינער איז צו זיי נישט אַריינגעגאַנגען. אויפן פערטן טאָג האָט זיך אָנגעהויבן די דין־תורה. דער „שפּאָליער זיידע״ האָט געטענהט: אין נאָמען פון די יידישע ווייבער און קינדער אין רוסלאַנד רוף איך השי״ת צו דין תורה, פאַרוואָס ער לאָזט זיי אויסגיין פון הונגער. די חז״ל האָבן אונז געזאָגט, אַז אויך הקב״ה איז מקיים זיין תורה און אין דער תורה איז דאָך געזאָגט געוואָרן „כי לי בני ישראל עבדים״ און ווי באַוואוסט פסקענען מיר דאָך לפי ההלכה, אַז דער בעל־הבית איז מחויב צו שפּייזן זיין קנעכטס פרוי און קינדער — פרעג איך דעריבער, ווי קען הקב״ה נישט האַלטן זיין תורה? איך ווייס, אַז דער מקטרג וועט טענהן, אַז דער קנעכט דינט נישט זיין בעל־הבית ווי עס באַדאַרף צו זיין. אויף דעם האָב איך אָבער צוויי תשובות: א) מיר געפינען נישט קיין דין, אַז צוליב דער פוילקייט פונם קנעכט איז זיין בעל־הבית פּטור פון געבן עסן זיין ווייב און קינדער; ב) אויב דער קנעכט אַרבעט נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין, איז דאָך די סיבה פון דעם וואָס זיין בעל־הבית האָט אויף אים אָנגערייצט דעם יצר הרע. די מניעה איז דאָך, לכן, מצד דעם בעל־הבית און נישט מצד זיין קנעכט. איך קען שווערן, דאָס ווען נישט דער יצר הרע, וואָלט יעדער ייד געדינט השם יתברך ווי עס באַדאַרף צו זיין. און אויב דער מקטרג ווידער וועט טענהן, אַז השי״ת ווייסט, אַז עס איז

נישט אַזוי, פאַרלאַנג איך, אַז דער נתבע זאָל שווערן און ער וועט זיין פריי. אויב ער וויל נישט, אָדער קען נישט שווערן, דאַרפט איר, דיינים, פסקנען: אָדער דער נתבע זאָל, ווייל ער קען נישט שווערן, צאָלן (משלם), אָדער דער תובע זאָל שווערן און באַקומען (נוטל). נאָכדעם ווי דער „זיי־דע" האָט געענדיקט מיט זיינע טענות, האָבן זיך די דיינים מישב געווען צווישן זיך און אויפשטייענדיק פון זייערע פלעצער דריי מאָל אויסגערופן: „גערעכט איז רבי לייב בן רחל! השי"ת איז מחוייב מפרנס צו זיין די יידישע ווייבער און קינדער, און ווי עס האָט געפסקנט דער בית דין של מטה, אַזוי וועט אויך מסכים זיין דער בית דין של מעלה"...

אַזוי האָבן געוואוסט די גרויסע צדיקים־מאמינים אָנצונעמען זיך פאַר דעם כבוד פון יידן און קעמפן פאַר דעם, וואָס קומט זיי — און אַזוי האָט די חסידישע אגדה מיט איר אייגנאַרטיקער פאָרם, פשוטן, האַרציקן סטיל, און זאַפטיקער פאָלקס־שפּראַך באַשיינט אירע העלדן, די צדיקים; צו לויבן זייערע מעשים, דערציילן זייערע דערהויבענע אייגנ־שאַפטן און שילדערן זייער דרך בקודש.

ישראל בן ...

פאַקסימיליע פון ר' ישראלטשע ריזשינערס אונטערשריפט

# ח.

דער חסידישער הומאָר. — דער גרעסטער סיגוף. — וואָס שלמה מיימאָן האָט געזען ביים מעזריטשער מגיד. — ר׳ אפרים סעדיל-קאָווערס משל. — פון ר׳ נפתלי ראָפּשי-צערס גלייכווערטלעך. — ר׳ מאירל פּרע-מישלאַנערס רמזים און פּירושים. — דעם „ייד הקדושס" וואָרט-שפּילן. — דער פונק און דאָס פייער. — ר׳ מאירל פּרעמי-שלאַנערס „נקמה" אין ר׳ אורילע סטרע-ליסקער. — פון ר׳ משה קאָברינערס הלצות. — ר׳ ברוך רודניקער שפּאַסט־אָפּ פון זיין פאָטער. — חסידישע הלצות וועגן יי"ש-טרינקען.



ער הומאָר איז נישט קיין פרעמד געוויקס אינם חסידות. אויך די פירער פון דער חסידישער באַוועגונג האָבן אויף אים נישט געקוקט קרום. זיי אַליין האָבן אויך גע־האַלטן פון בדיחות הדעת און האָבן אין דעם שפּאַס און „גלייכווערטל" געזען אַן אינסטרומענט, אַ געווער אינם קאַמף קעגן אומעטיקייט און מרה־שחורה — די הויפּט־שטערונגען אין עבודת ד'. זיי האָבן זיך אויך באַנוצט מיט פיל מיטלען אין זייער קאַמף קעגן דעם אָפּזונדערן־זיך און פייניקן דעם גוף (סיגופים). דאָס גיין בדרך התורה איז שוין פאַרן מענטש אַ סיגוף. ר' מענדעלע קאָצקער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דער גרעסטער פון די סיגופי הגוף.

דער פילאָזאָף שלמה מיימאָן, שילדערט אין זיין אויטאָ־ביאָגראַפיע אַ בילד וואָס ער האָט בייגעוואוינט אין דעם מעזריטשער מגידס בית־מדרש. אָט וואָס ער דערציילט:

מיר האָבן זיך אַמאָל — ווי מיר פלעגן זיך תמיד נוהג־זיין — פאַרזאַמלט אין דעם מגידס בית־המדרש צום שחרית־דאַווענען. איינער פון אונזער חבורה האָט זיך אַביסל פאַרשפּעטיקט. ווען ער איז געקומען, האָט מען אים גע־פרעגט וואָס עס איז געווען די סיבה פון זיין פאַרשפּעטיקן, האָט ער דערציילט, אַז די פאַרגאַנגענע נאַכט האָט זיין פרוי געבוירן אַ טאָכטער און דעריבער האָט ער זיך גע־מוזט אויפהאַלטן. זיינע חברים, די מתפללים, האָבן אים אָנגעהויבן הויך אויפן קול צו ווינטשן „מזל טוב". דער

מגיד איז ארויסגעקומען פון זיין חדר און זיך געפרעגט פארוואס עס איז פלוצלינג געווארן אזא טומל אין בית־מדרש. די חסידים האבן אים געענטפערט: „מיר ווינטשן עמיצן מזל־טוב, עס איז אים געבוירן געווארן א טאכטער. „א טאכטער" — האט אויסגערופן דער מגיד — „גיט אים מלקות"!... די חסידים האבן אים געכאפט, אויסגעצויגן אויף דער שוועל און אים דערלאנגט מלקות ווי עס באַדארף צו זיין... די דאזיקע געשיכטע האט ארויסגערופן גרויס הייטערקייט צווישן די חסידים און דאן האט זיי דער מגיד מעורר געווען צו גיין דאווענען, זאגנדיק: איצט, מיינע ברידער, עבדו את ה׳ בשמחה!" (דינט גאט מיט שמחה).

אויך אין די חסידישע ספרים זיינען אפט פארשידענע פירושים און אויפקלערונגען דורכגענומען מיט א הומאר־טאן. מיר טרעפן אפט די ווערטער „ועל דרך ההלצה נפרש" אדער „ועל דרך הצחות". נישט שטענדיק מיינט מען דער־מיט מליצה, אפטמאל פארשטייט מען אין די דאזיקע ווער־טער א הלצה (שפאס) ממש. ווען ר׳ משה חיים אפרים סע־דילקאווער, קומט, אין זיין ספר „דגל מחנה אפרים", פארטייטשן דעם מאמר „כל הנגעים אדם רואה חוץ מנגעי עצמו", באנוצט ער זיך מיט דעם משל: עס האט איינער גע־האט א מיאוסע פרוי, נאר צוליב די פיל באפוצונגען, מיט וועלכע זי פלעגט זיך שיין־מאכן, האט זי געמיינט און איינ־גערעדט זיך, אז זי איז ווירקלעך א יפת־תואר. זי האט זיך צוליב דעם גרויס־געהאלטן. א גוטער פריינט פון איר מאן האט אים געעצהט, אז ער זאל אויפהענגען אין איר צימער אנטקעגן איר בעט, א שפיגל. ער האט טאקע

אזוי געטון. אינדערפרי, אויפשטייענדיק פון שלאף און דערזעענדיק איר מיאוסן פנים אין שפיגל, האט זי אויפ־געציטערט. זי האט געמיינט אַז זי האט דערזען אַ שד. דער מאַן האט זי „איינגעשטילט" און געזאגט, אַז דאס איז נישט קיין שד, נאר זי אַליין זעט אַזוי אויס אין די פאַרשידענע באַפּוצונגען. פון דעמאלט אן, האט זי זיך „בארואיקט".

נישט נאר ר' אפרים אַליין צייכנט זיך אויס מיט זיין חוש פאַר הומאר, נאר אויך פיל אַנדערע צדיקים און רביים האבן פאַרמאגט דעם דאזיקן חוש. אין יעדער חסידישער חבורה האט זיך שוין שטענדיק געפינען איינער, וואס האט געקענט די „מלאכה" פון פריילעך־מאַכן דעם עולם. אין די רבישע „הויפן" האט דער בדחן שטענדיק פאַרנומען אַן אנגעזעענעם פּלאַץ און פלעגט אנפירן מיט די פייערלעכע מסיבות. אין גרעסטן טייל איז דער בדחן אַליין אויך געווען איינער פון די אנגעזעענע חסידים, אַ ירא ושלם, אַן ערנסטער מענטש, פאַרזיכטיק מיט ווערטער, נאר ער האט געקענט, ווען מען האט באַדאַרפט, אין ספּעציעלע מאמענטן, זיך פריילעך מאַכן און אַרויסרופן פרייד ביי אַנדערע. אין ר' ברוכל מעזשיבעזשערס „הויף" האט פיל יארן געלעבט דער באַרימ־טער הערשעלע אסטראפּאלער, ווען דער רבי פלעגט אַרויסווייזן סימנים פון ליבשאַפט.

ס'איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואס דער שפּאס און די גלייכווערטלעך פאַרנעמען אַזא חשובן פּלאַץ אין חסידישן פאלקלאר. דער חסידישער שפּאס איז פילפאַרביק, ער פאַרמאגט באַשטימטע כוונות און צילן. עס איז אינטע־רעסאַנט צו זען ווי צדיקים און רביים, צו וועלכע עס זיי־

נען געהאַרבזאָם און אונטערגעאָרדנט טויזנטער חסידים, וואָס באַציען זיך צו זיי מיט כבוד און פאַרערונג — קענען צייטנווייז לייכט רעאַגירן, מיט זייער שפּאַס און שאַרפזין. די הלצה איז במשך פון דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינעם פון די קולטורעלע יסודות פונם חסי־דות און איינער פון די גרויסע רביים און מייסטער פונם חסידישן שפּאַס, ר׳ נפתלי ראָפּשיצער, האָט געהייסן אָנ־שרייבן אויף זיין מצבה, אַז זיינע לבושים זיינען געווען: לבוש השמחה (פריילעכקייט), לבוש הנגונים (געזאַנג), לבוש הריקודים (טענץ) און לבוש הבדיחה (שפּאַס).

אין נאָמען פון ר׳ נפתלי, דעם „פריילעכן צדיק", דער־ציילן חסידים צענדליקער הלצות. ער האָט ליב געהאַט קלו־גע מענטשן און פיינט געהאַט שוטים און „געמאַכטע" חסי־דים. ער פלעגט זאָגן, אַז ווען ער וועט אפילו זען אויף יענער וועלט ווי מען פירט אַ נאַר אין גן־עדן אַריין, וועט ער פונ־דעסטוועגן אים נאָכלויפן און שרייען: „אַ טיפּש בלייבט אַ טיפּש און איך בין אים נישט מקנא..."

ער האָט אויך אַמאָל געזען ווי איינער אַן עם־הארץ, אַ „נאָכגעמאַכטער" חסיד, אַ שוטה, קלאַפּט זיך בעתן דאַווענען אין קאָפּ אַריין. האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט נעבן אים און מיט אַ שמייכל געזאָגט: „איך האָב פון דעם אַן אמתע הנאה, ווייל ממה־נפשך: אויב ער איז באמת מכוון לשם שמים, איז דאָך גוט און אויב נישט, ער וויל נאָר אַז מענטשן זאָלן זען ווי פרום ער איז, — איז דאָך אוודאי גוט: זאָל אים כאָטש דער קאָפּ וויי־טון!...."

אַ יונגער חסיד וואָס האָט געהאַלטן ביי „ווערן אַ רבי", האָט אים אַמאָל, אין אַן ערב שבת, נאָך דער מקוה, געזען

ווי ער זיצט און שניידט אָפּ זיינע נעגל. ער איז צו אים צוגעגאַנגען און געפרעגט: יורני רבנו, לויט דער קבלה דאַרף מען דאָך די נעגל אָפּשניידן פֿאַר דער מקוה? ר׳ נפתלי האָט אים געענטפערט: עס איז פֿאַראַן אַ סוד אין דעם און כ׳וועל דיר אים קענען מגלה־זיין נאָר אויב דו וועסט פֿאַסטן דריי טעג. דער יונגערמאַן האָט טאַקע אָפּגע־פֿאַסט דריי טעג און דערנאָך געקומען פרעגן דעם סוד. „דער סוד איז — זאָגט צו אים ר׳ נפתלי, — אַז נאָך דער מקוה זיינען די נעגל ווייכער און ס׳איז לייכטער אָפּצושניידן זיי...

ר׳ נפתלי איז אַמאָל געפֿאָרן זאַמלען געלט פֿאַר „פּדיון שבויים”. אַריינקומענדיק אין אַן אכסניה האָט ער זיך גע־פרעגט אויפֿן בעל־הבית. מען האָט אים געענטפערט, אַז ער איז אַוועקגעפֿאָרן. ר׳ נפתלי האָט אָבער לויטן ענטפער פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן בכדי איינצו־שפּאָרן זיך אַ נדבה און ער האָט באַפוילן זיינע באַגלייטער אויפצוזוכן אים. זיי האָבן געזוכט און אים טאַקע געפינען ליי־גנדיק באַהאַלטן אויפֿן בוידעם אונטער אַ בינטל שטרוי, זאָגט צו אים ר׳ נפתלי: איצט איז מיר קלאָר געוואָרן אַ מאמר חז״ל, וואָס איז מיר שטענדיק שווער געווען צו פֿאַר־שטיין. עס ווערט געזאָגט: גדולה קבלת פּני אורחים מקבלת פּני השכינה” (עס איז גרעסער די מצווה פון מקבל־פּנים זיין געסט ווי קבלת פּני השכינה). היתכן? נאָר ביי קבלת פּני השכינה ווערט געזאָגט „ויסתר משה פּניו” (משה האָט באַהאַלטן זיין פּנים), אָבער דאָ, ביים מקבל־פּנים־זיין אורחים האָט ער (דער בעל האכסניה) באַהאַלטן זיין גאַנצן גוף...

ר׳ נפתלים ווייב איז געווען אַ גרויסע שרייערין. זי

פלעגט שטענדיק קומען צו אים מיט טענות און פרעטענ־ציעס.האָט אַמאָל ר׳ נפתלי צו איר געזאָגט: אַלע קענען פיר מדרגות אין דער נאַטור: דומם, צומח, חי, מדבר — אָבער איך קען אויך אַ מדברת... די רביצין האָט שטאַרק „גע־האַלטן פון זיך״. זי פלעגט דערציילן, אַז איר פאָטער האָט געהאַט צער פון דעם, וואָס זי איז נישט געבוירן געוואָרן אַ זכר (אַ יינגל), ווייל ער וואָלט געוועזן אַ גדול בתורה. ר׳ נפתלי האָט איר אויף דעם געענטפערט: אויך איך האָב צער פון דעם, וואָס דו ביסט נישט געבוירן געוואָרן אַ זכר...

רעדנדיק וועגן זיין ווייב, האָט ר׳ נפתלי אַמאָל געזאָגט: הקב״ה האָט ביי איובן צוגענומען אַלץ, וואָס ער האָט פאַר־מאָגט: זיינע זין, טעכטער, פאַרמעגן — פאַרוואָס האָט ער אויך נישט צוגענומען ביי אים דאָס ווייב? — נאָר הקב״ה האָט געוואוסט, אַז ער וועט שפּעטער אָפּגעבן אים דאָפּלט — און געבן אים צוריק צוויי ווייבער, דאָס איז שוין אַ צו־גרויסע שטראָף...

ער פלעגט אויך זיך אַליין „שמייסן״ מיט זיינע הלצות. ווען אַ חסיד האָט אים אַמאָל געזאָגט, אַז ווען משיח וועט קומען וועט ער אים אַנטקעגנגיין מיט אַ פלעשל יי״ש אין די הענט כדי אים צו ווייזן מיט וואָס מען פלעגט שטאַרקן (מחזק זיין) דעם גוף אין ביטערן גלות — האָט ר׳ נפתלי צו אים געזאָגט: עס וועט גענוג זיין, אַז איר וועט אַרויסגיין מיט אַזאַ רבין ווי איך, כדי משיח זאָל זען מיט וואָס איר פלעגט שטאַרקן אייער נפש...

ער האָט אַמאָל דערציילט, אַז אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער געהאַט באַשלאָסן נישט אָנצונעמען קיין רבנות־שטעלע, ווייל אַ רב דאַרף חנפנען די בעלי־בתים און ער האָט פיינט

חניפה, בעסער צו ווערן אַ בעדער איידער אַ רב. ווען ער האָט, אָבער, געזען, אַז אויך אַ בעדער חנפעט די בעלי־בתים, האָט ער שוין מסכים געווען אָנצונעמען דאָס רבנות...

ר׳ נפתלי האָט אַמאָל מסביר־געווען דעם אונטערשיד צווישן „רזין" און „רזין־דרזין". „רזין" — דאָס איז אַזאַ תורה, וואָס דער רבי פאַרשטייט און די חסידים פאַרשטייען נישט. „רזין־דרזין" ווידער — איז אַזאַ תורה, וואָס ביידע, סיי דער רבי און סיי די חסידים, פאַרשטייען נישט...

ר׳ נפתלי ראָפּשיצער אַליין האָט אַמאָל דערציילט, אַז קיי־נער האָט אים קיינמאָל נישט אַזוי „באַצאָלט" פאַר זיינע הלצות ווי איינער אַ דאָרפס־יינגל: כ׳בין אַמאָל געקומען אין אַ דאָרף, ווו עס האָבן געלעבט זייער ווייניק יידן, קוים אַ מנין. זיי האָבן געהאַט אַ שול און אַן אייגענעם בית־הקברות. איך האָב זיך געפרעגט נאָך וואָס דאַרפט איר דאָס אַלץ: אָדער אַ שול, אָדער אַ בית־הקברות. ווייל אויב, חלילה, עמיצער פון אייך וועט שטאַרבן, וועט איר דאָך נישט האָבן קיין מנין. האָט דאָס יינגל געענטפערט באַלד אויפן אָרט: רבי, דער בית־הקברות איז פאַר די פרעמדע, די אורחים...

אויף דעם זעלבן ר׳ נפתלי, וועלכער איז געווען אַ גרויסער צדיק, אַ רבי און מורה־דרך פאַר טויזנטער און איז געבוירן געוואָרן אין שבועות תק"כ, אין טאָג פון בעל־שם־טובס פטירה, האָט דער גאון און צדיק ר׳ חיים צאנזער געזאָגט: „ובא השמש וזרח השמש", און דער זידיטשאָווער רבי האָט געזאָגט, אַז יעדע הלצה זיינע „שפּאַלט הימלען".

דער חסידישער שפּאַס איז נישט געווען ר׳ נפתלים מאָנאָפּאָל, ער איז נאָר געווען דער, וועלכער האָט אים אַמבול־טסטן געבראַכט צום אויסדרוק. עס זיינען געווען נאָך פיל

צדיקים, וועלכע האָבן דאָס געקענט. איינער פון זיי איז גע־ ווען ר' מאירל פּרעמישלאַנער. ער איז באַזונדער באַקאַנט פון זיינע פאָלקסטימלעכע פּירושים אויף פאַרשידענע מאמרי חז"ל.

דעם פסוק: „זה דור דורשיו מבקשי פניך יעקב סלה" — האָט ר' מאירל אַזוי אויסגעטייטשט: זה דור שוא, מבקשי פניך, אפילו די, וועלכע זוכן דיך (מבקשי פניך) — יעקב — נאָרן־אָפּ, פון לשון עקב; סלה, זיי האָבן אין זינען דעם סלע, די מטבע....

דעם מאמר „תפלה עושה מחצה" — האָט ער מפרש־גע־ווען: תפלה, אויב מען איז מתפלל, עושה, צום באַשעפער פון דער וועלט, מחצה — העלפט (אַ וואָרט־שפּיל)...

„וארא אל אברהם אל יצחק ואל יעקב" — „וארא" — פאַרטייטשט רש"י: „אל האבות". איז דאָך „שווער", וואָס איז דאָ רש"י מחדש? וואָס האָט ער מוסיף־געווען צו דעם וואָס איז בפירוש געשריבן: „ אל אברהם. ואל יצחק ואל יעקב"? נאָר — האָט געזאָגט ר' מאירל אין אַ גלייכווערטל — רש"י קומט אונז דאָ לערנען אַ גרויסע זאַך. יצחק האָט געשמט אַלס צדיק נישט דערפאַר ווייל ער איז געווען אברהמס זון, און יעקב, ווייל ער איז געווען יצחקס זון און אברהמס אייניקל, נאָר ווייל אַלע דריי זיינען זיי געווען „צדיקים־אבות" און נישט קיין „אייניקלעך"...

אין פּרעמישלאַן האָט געוואוינט אַ בעקער, וועלכער פלעגט בייטאָג אַרבעטן אַלס סופר סת"ם. ר' מאירל האָט געוואָלט פּסלען זיין שרייבן אויפן יסוד פון דעם וואָס די גמרא זאָגט: „נכתב ביום ונחתם בלילה פסול" — אויב ער שרייבט ביי־

טאָג און ביינאַכט איז ער אַ נחתוס (אַ בעקער — וואָרט־שפּיל) איז ער פּסול...

ס'איז אַמאָל צו אים געקומען אַ מחבר מיט אַ ספר „יהגה חכמה", און געבעטן ביי אים אַ הסכמה. האָט ר' מאירל אַריינגעקוקט אין דעם ספר און אַ זאָג־געטון: „צאַ יעגאָ (יהגה) טאָ ניע חכמה, צאַ חכמה טאָ ניע יעגאָ, דאָס וואָס איז זיינס (יעגאָ) איז נישט קיין חכמה און דאָס וואָס איז חכמה, איז נישט זיינס, נאָר גענומען פון אַנדערע...

די גוטע סגולה פון דבש (האָניג) איז דאָס וואָס ס'איז זיס, אָבער די ראשי־תיבות פון דבש זיינען נישט ווייניקער וויכ־טיק, ווייל זיי אַנטהאַלטן אין זיך אַ תפלה אין לשון פון די גויים: „דאַי באָזשע שטשאַשטשע", ד. ה. גאָט, גיב גליק.

אַ סוחר איז אַמאָל געקומען צו ר' מאירלען און זיך באַ־קלאָגט פאַר אים אויף זיין נויט, האָט אים ר' מאירל גע־ראטן צו מאַכן נייע לאָדנס אויף זיין קראָם. ווען דער סוחר האָט געוואָלט וויסן דעם „טעם" פון דער עצה, האָט אים ר' מאירל געזאָגט: „עס ווערט דאָך געזאָגט אין דער גמרא „אין כסף לאדון (לאָדן) זה יש כסף לאדון אחר" (אַנדער לאָדן — אַ וואָרט־שפּיל)...

באַנוצנדיק זיך מיט דער וואָרט־שפּיל, האָט אַמאָל דער „ייד הקדוש" פון פּשיסכע געזאָגט אויף צוויי פון זיינע שאַרפע קעגנער פון וועלכע איינער האָט געהייסן בער און דער צווייטער יקותיאל — „איש בער לא ידע וכסיל לא יבין את זאת"...

די גאַליציאַנער רביים איז נישט געפעלן געוואָרן ר' מאירל פּרעמישלאַנערס דרך, וועלכער איז מגלה צופיל זאַכן. ער פלעגט זיי ענטפערן בדרך הלצה: „מען זאָגט, אַז מאיר

רעדט אַ סך, ס׳איז דאָך אַ בפירושע משנה הלומד תורה לשמה זוכה לדברים הרבה״.

בראש פון די אומצופרידענע מיטן פּרעמישלאַנער איז גע־שטאַנען דער „שרף״ — ר׳ אורילע סטרעליסקער. ער האָט אַמאָל געשיקט צוויי שליחים צו ר׳ נפתלי ראָפּשיצער אַז ער זאָל צושטיין צו אים אין זיין מחלוקה מיט ר׳ מאירלען. די שליחים זיינען אָנגעקומען קיין ראָפּשיץ אין אַ דאָנערשטיק און זיי האָבן אָפּגעלייגט דאָס אויספירן זייער שליחות אויף נאָך שבת. שמועסנדיק מיט זיי זונטיק, האָט ר׳ נפתלי נישט געוואָלט רעדן וועגן זייער ענין און אַרויפגעפירט דעם שמועס אויף אַנדערע זאַכן. די שליחים האָבן דעריבער באַשלאָסן פאָרצושלאָגן אים זייער ענין ביים געזעגענען זיך, אָבער אויך דאָס מאָל האָט זיך ר׳ נפתלי אַרויסגעדרייט פון רעדן וועגן דעם און האָט זיי אַרויסבאַגלייט צו דער באַן. פאַרן אָפּפאָרן זאָגט צו זיי ר׳ נפתלי: די נאַכט איז ביי מיר געווען אין חלום ר׳ אַריה־לייב, ר׳ מאירלס פאָטער און ער האָט מיר געזאָגט: איך האָב איבערגעלאָזט אַ פונק אויף דער וועלט און מען וויל אים פאַרלעשן — זאָלסט נישט צולייגן דיין האַנט צו דעם. ווי זיי שטייען און שמועסן, איז ר׳ מאירל אָנגעפאָרן אויף אַ געשפּאַן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און אַ זאָג־געטון: מיין טאַטע האָט געזאָגט, אַז ער האָט איבער־געלאָזט אַ פונק אויף דער וועלט און איך זאָג אייך, אַז ער האָט איבערגעלאָזן אַ פייער און איר וועט דאָס פייער נישט פאַרלעשן. און ער איז באַלד פאַרשוואונדן.

ר׳ אורילע סטרעליסקער האָט פונדעסטוועגן געזען אַ סכנה אין ר׳ מאירלס „דרך״ און האָט ווייטער מקטרג געווען אויף אים. ר׳ מאירל האָט געוואוסט וועגן דעם און ער האָט אויס־

געפונען אַן אָריגינעלן אופן ווי אַזוי זיך נוקם צו זיין. וכך היה מעשה. איינער פון רבי אורילעס חסידים, אַ פשוטער דאָרפס־ייד, איז פאַראָרעמט געוואָרן און ער האָט נישט גע־קענט מפרנס־זיין זיינע בני־בית. זיין ווייב איז צו אים צו־געשטאַנען, אַז ער זאָל פאָרן קיין פּרעמישלאַן נעמען אַ ברכה ביי ר׳ מאירלען, וועלכער איז איבעראַל באַוואוסט געווען אַלס אַ פועל ישועות, ער קען העלפן. דער דאָרפס־ייד האָט נישט געוואָלט פאָרן, מורא־האָבנדיק פאַר זיין רבין, ר׳ אור־רילע. זיין ווייב האָט אים אָבער נישט געלאָזט רוען און פאַר־לאַנגט אַז ער זאָל דאָך פאָרן. ער איז נישט ביינגעשטאַנען איר צודריינגלעכקייט און איז געפאָרן צו ר׳ מאירלען. קומענדיק צום צדיק, האָט ער פאַר אים אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ. ר׳ מאירל האָט אים געפרעגט וואו ער קויפט מעל? דער ייד האָט געענטפערט, אַז ביים דאָרפישן מילנער, נאָר ער איז שוין שולדיק אַ סך געלט און ער וועט אים שוין מער נישט וועלן באָרגן. פרעגט אים ווייטער ר׳ מאירל: און אויב דו וועסט אים שטאַרק בעטן, דעם מילנער, אַז ער זאָל דיר נאָך איין מאָל געבן אויף באָרג, וועט ער געבן? — יאָ, ענטפערט דער דאָרפס־מאַן. אַזוי האָט ר׳ מאירל געפרעגט אויך בנוגע פלייש, וויין און אַנדערע זאַכן. דער ייד האָט אַלץ געענט־פערט, אַז אויב ער וועט פאַרזיכערן, אַז ער באָרגט צום לעצטן מאָל, גלויבט ער, אַז מען וועט אים געבן. האָט ר׳ מאירל צו אים געזאָגט: פאָר אַהיים, בעט די קרעמער זיי זאָלן דיר באָרגן אַלץ וואָס דו דאַרפסט אויף שבת, און אַלץ וואָס דו וועסט קויפן, זאָלסטו צעטיילן אויף צוויי חלקים: איין העלפט פאַר דיר און די צווייטע זאָלסטו פאַרפּאַקן אין אַ פעקל. זאָלסט נישט קוקן אויפן וועטער און פאָרן דאָנער־

שטיק קיין סטרעליסק. שטילערהייט, אַז קיינער זאָל דאָס נישט באַמערקן, זאָלסטו דאָס פּעקל „איבערלאָזן" ביי ר' אורילען אין שטוב. דער דאָרפס־ייד איז אַהיימגעפאָרן און געטון אַלץ אַזוי, ווי ר' מאירל האָט אים געהייסן.

עס איז געווען אַ שווערע וואָך אין הויז פונעם סטרעליסקער „שרף", אַ וואָך פון שטורעמס און רעגנס, ס'איז קיינער נישט געקומען און אין שטוב איז נישט געווען קיין פּרוטה. דאָנערשטיק האָט די רביצין געמאָנט געלט איינצוקויפן אויף שבת און קיין געלט איז נישט געווען. זאָגט ר' אורילע: השי"ת וועט אונז מן הסתם נישט פאַרלאָזן. הייץ איין אין אויוון, וואַרם־אָן וואַסער צום פאַרקנעטן און דאָס איבעריקע וועט זיכער קומען. די רביצין האָט אַזוי געטון און פון גרויס עגמת־נפש איז זי זיצנדיק אין קיך איינגעשלאָפן. פּלוצלינג האָט זי דערהערט אַ קלאַפּ פון דער טיר. אויפכאַפּנ־דיק זיך פון שלאָף, האָט זי קיינעם נישט געזען אין שטוב, נאָר אַ פּעקל אין וועלכן זי האָט געפונען פון כל טוב: פליש, מעל, פיש — אַלץ גרייט. זי איז שנעל געלאָפן אָנ־זאָגן איר מאַן די פרייילעכע בשורה וועגן גאָטס מתנה. ר' אור־רילע האָט אָבער צו איר געזאָגט: מיר וועלן זיך צו דעם נישט צורירן ווי לאַנג מיר וועלן נישט וויסן פונוואַנען דאָס אַלץ קומט. ער האָט באַפוילן זיין משמש אויסצופאָרשן די זאַך. דער משמש האָט חוקר ודורש געווען אַזוי לאַנג ביז וואַנען ער האָט אין אַן אכסניה געטראָפן דעם חסיד, דעם דאָרפס־ייד, און פון אים איז ער געוואָר־געוואָרן וואָס ר' מאירל האָט אים געהייסן טאָן, צוזאָגנדיק אים, אַז פאַר דעם וועט אים שוין קיינמאָל גאָרנישט פעלן.

דעמאָלט האָט די רביצין געזאָגט צו איר מאַן, ר' אורילען:

זע ווי גרויס ס׳איז די ליבשאַפט פון ר׳ מאירלען צו דיר און ווי ער זאָרגט פאַר דיר — וועסטו נאָך מקטרג זיין אויף אים? ר׳ אורילע האָט דאָס פאַרשטאַנען און די מחלוקה איז איינ־געשטילט געוואָרן.

אַזאַ איז געווען ר׳ מאירלס „דרך״, ווייל צו זיין בדיחות־הדעת האָט ער זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זיין ברייטהאַר־ציקייט.

אויך אַזאַ תמים ווי ר׳ משה קאָברינער האָט געוואוסט, בשעת הצורך, צו באַנוצן זיך מיט אַ שפּאַס. ס׳איז אַמאָל געקומען צו אים אַ יונגערמאַן, אַ למדן, און פאַרפירט אַ פּלפּול אין אַ שווערער סוגיא, אָבער אין זיינע רייד האָט זיך בולט געמערקט די גאוה. פאַרענדיקנדיק דעם שמועס, זאָגט צו אים דער קאָברינער: געדענקסט אַודאי וואָס די גמרא זאָגט: „בירא דשתית מיניה מיא אל תשדי ביה קלא״. דער פּירוש איז: בירא, אין דעם ברונעם, ד. ה. די תורה, וועלכע ווערט באַצייכנט ווי אַ ברונעם, ווי עס ווערט געזאָגט: „הוי כל צמא לכו למים״, — אל תשדי ביה קלא, זאָלסטו נישט אַריינוואַרפן דאָס וואָס ווערט געזאָגט אין תהלים, פּרק קל״א: „לא גבה לבי ולא רמו עיני ולא הלכתי בגדולות״ (כ׳האָב זיך נישט גרויס־געהאַלטן),דאָס מיינט: זאָלסט אין אים נישט אַריינברענגען די גאוה...

איינער אַ יונגערמאַן, אַ „נאָכגעמאַכטער״ חסיד, האָט זיך אַמאָל באַקלאָגט פאַר ר׳ משה קאָברינער אויף אַ געפיל פון גאוות, וואָס ער באַמערקט אין זיך. האָט אים דער צדיק גע־פרעגט: געלט האָסטו? — ווייניק, ענטפערט דער יונגערמאַן. תורה האָסטו געלערנט — פרעגט ווייטער ר׳ משה. ווייניק, — ענטפערט דער יונגערמאַן. שרייבן קענסטו — פרעגט ער

אים ווייטער. כמעט ווי נישט — איז זיך יענער מודה. אויב אזוי — זאָגט צו אים דער קאָברינער — קיין געלט האָסטו נישט, תורה האָסטו נישט געלערנט און שרייבן קענסטו נישט, מיט וואָסזשע ווידער האַלסטו זיך גרויס?...

ר׳ משה קאָברינער האָט אַמאָל געזאָגט צו איינעם פון זיי־נע בני־עיר, וועלכער האָט אויך געהייסן משה און מען האָט אויף אים „גערעדט״ אין שטאָט: הער זיך איין, דיין נאָמען איז משה און אויך מיין נאָמען איז משה. לויטן דין און יושר וואָלט געווען, אַז ביידע משהס זאָלן צוזאַמען חוזר בתשובה זיין...

און נאָך האָט ער געזאָגט: פאַרוואָס זאָגט מען אַז אַ חזן איז אַ שוטה? די סיבה איז: די וועלט פון נגינה איז, ווי באַ־קאַנט, נאָענט צו דער וועלט פון תשובה און דער חזן ווען ער זינגט און געפינט זיך נעבן דעם עולם התשובה, ווי שיקט זיך עס, אַז ער זאָל נישט פּרוּאוון „זיך אַריבערכאַפּן״ אין דער וועלט פון תשובה? אויב ער טוט נישט אַזוי — קען דען זיין נאָך אַ גרעסער שטות פון דעם?...

און וואָס תשובה איז, האָט ר׳ משה קאָברינער געוואוסט: זיין אַ „גאַנצער איד״ — פון וועלכן די ראשי תיבות זיינען: א־הבה, י־ראה, ד־בקות...

אויך ר׳ חיים צאַנזערס זון, ר׳ ברוך פון רודניק, האָט אָפּט ליב געהאַט צו מאַכן אַ שפּאַס. מיט זיין שאַרפער צונג האָט ער נישט אויסגעמיטן אפילו זיין פאָטער, דעם גרויסן צדיק און גאון. ס׳איז אַמאָל געקומען צו זיין פאָטער אַ ייד, וועלכער האָט געגעבן אַ „פדיון״ און געבעטן אַ ברכה, אַז ער זאָל צוריק געפינען די הונדערט גילדן וואָס ער האָט פאַר־לוירן. ווען דער ייד איז אַרויסגעגאַנגען פון רבינס

הויז, פרעגט אים ר׳ ברוך: וויפל האסטו פארלוירן? הונדערט גילדן — ענטפערט דער חסיד. און איך זאג דיר אז הונדערט און איין גילדן. ווי אזוי? רעכן אריין אין חשבון אויך דעם פדיון, אויך דער גילדן איז א פארלוירענער...

א באזונדער ווינקל אינם חסידישן הומאר זיינען די הל־צות וועגן טרינקען יי״ש, וואס איז שטארק „אנגענומען״ צווישן חסידים. חסידים זאגן: דער מנהג פון טרינקען יי״ש שטאמט פון דער תורה. ווען יוסף האט זיך געטראפן מיט זיינע ברידער אין מצרים האט ער זיי געפרעגט: „היש לכם אח״, ד. ה. ער האט זיי געפרעגט צי זיי האבן יי״ש און זיי האבן געענטפערט: אח (אך! יש, ס׳איז דא)...

ווען סיסרא איז געקומען צו יעלן ווערט געזאגט: „מים שאל חלב נתנה״ (וואסער האט ער געבעטן, זי האט מילך געגעבן). וואס מיינט מען דערמיט? נאר דער פירוש איז: מים שאל — ער האט געבעטן מים, „ניינציקער״ בראנפן (מים — בגמטריא ניינציק) און זי — חלב נתנה, זי האט אים געגעבן נאר „פערציקער״ (חלב בגמטריא — פערציק)...

מיר ווייסן, אז „ליכא מילא דלא רמיזא באורייתא״, ס׳איז נישטא קיין זאך אויף וועלכן ס׳זאל נישט קיין רמז (אנדיי־טונג) אין דער תורה. די גמרא זאגט: „עד ארבעין שנין מיכלא מעלי מכאן ואילך משתה מעלי״. פונוואנען ווייסט מען דאס דאזיקע פון דער תורה? נאר עס שטייט, אז פער־ציק יאר האבן די יידן געגעסן דעם מן און דערנאך האט מען משהן געזאגט: : קח לך את הצנצנת, נעם זיך צום פלעשל...

און נאך א ראיה איז פון פרעה מלך מצרים. די תורה דערציילט, אז אין פרעהס געבורטס־טאג האט מען געמאכט א סעודה. פארוואס זאגט נישט די תורה וויפל פרעה איז דע־

מאָלט אָלט געווען? נאָר ס'איז זיכער, אַז ער איז אַלט געווען ¹ פערציק יאָר, ווייל דאַן האָט ער אויפגעהערט צו עסן און אָנגעהויבן טרינקען, דעריבער האָט ער דעם שר האופים אויפגעהאנגען און דעם שר המשקים געלאָזט לעבן...

ווען די חסידים זיינען אין אַ הייטערער שטימונג, פאַר־טייטשן זיי די תפלה „לעושה נפלאות גדולות לבדו כי לעולם חסדו", אויף אַ וויציקן אופן:

לעושה — מען דאַרף טון; וואָס טון? — טרינקען יי"ש!

נפלאות — דווקא יי"ש נפלא, „זעקס־און־ניינציקער".

גדולות — דווקא כוסות גדולות, גרויסע גלעזלעך.

לבדו — נישט נאָר צוזאַמען, נאָר אויך לבדו — אַליין, ביחידות.

לעולם — נישט נאָר אַמאָל אין אַ נאָווינע, נאָר לעולם — שטענדיק.

חסדו — און דאַן ביזטו אַ חסיד...

ר' מאירל פּרעמישלאַנער פלעגט זאָגן, אַז ווען חסידים און אנשי־מעשה קומען זיך צונויף טרינקען צוזאַמען יי"ש און זיי ווינטשן איינער דעם אַנדערן „לחיים", איז עס אַ גוטע סגולה צו פּרנסה, ווייל ווען די יי"דן גייען אַוועק בלייבט לחם — ברויט (אַז מען נעמט אַוועק פון דעם „לחיים" די יידן — י"י — בלייבן נאָר די אותיות לחם)... ער פלעגט אויך זאָגן, אַז די ראשי תיבות פון צדקה זיינען: „צ'אָלאָוויק דאָברי קופּויע הארילקי" (אַ גוטער מענטש קויפט בראַנפן)...

אזוי האָבן די חסידים געוואוסט ווי לייכטער צו מאַכן זייער שווער לעבן אין גלות מיט אַ שיינעם שפּאַס און גלייכווערטל...

## ט.

דער קאַמף צווישן חסידים און מתנגדים. — די דעפיניציע פון אַ חסיד און אַ מתנגד. — הומאָר — אַן אינסטרומענט אין דעם קאַמף. — וועגן פאַרשפעטיקן דעם זמן התפילה. — ר׳ איזיל חריף וועגן ר׳ אברהם בלאָנימער. — „ויתרוצצו הבנים בקרבה״. — די מתנגדים „פאַרהערן״ דעם „חידושי הרי״ם״. — „צדיקים ילכו בם ופושעים יכשלו בם״. — דער בעש״ט וועגן דער „קאַלטקייט״ פון מתנגדים. — אַ „קאַלטע״ תפילה. — „וואַרעמע״ און „קאַלטע״ מלאכים. — פאַרוואָס חסידים טרינקען יי״ש נאָכן דאַווענען. — לומדות און מסירות נפש. — דער טעות פון ביידע צדדים. —



ער קאַמף צווישן די חסידים און מתנגדים, געהערט אָן שום ספק, צו די טרויעריקסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון יידישן פֿאָלק אין גלות. דער דאָזיקער שטרייט, וואָס איז תחילת געווען אַן אומבאַדייטנדיקער, איז במשך פון דער צייט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן אינערלעכן קאַמף, אין אַ מחלוקה, וואָס האָט זיך געצויגן לאַנגע יאָרן. די שווערע קאָנסעקווענצן פון דעם קאַמף האָבן זיך געלאָזט פילן אין הונדערטער קהילות אין ליטע, פּוילן, רוסלאַנד און גאַליציע. עס איז נישט געווען נאָר אַ וואָרט־קריג, אַ פֿאַרמעסטן־זיך מיט ווערטער און דרשות, אין שריפט און אין עפנטלעכע וויכוחים. אין דעם דאָזיקן שטרייט האָבן אויך נישט געפעלט קיין חרמות און מסירות, פֿאַרפֿאָלגונגען און קריגערייען, גירושים און אַרעסטן און — ער האָט אויך געהאַט זיינע קרבנות. ווען דער קאַמף איז אַרויס פון די ראַמען פון אידעאישע אויפקלערונגען און איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַסן־פֿאַרמעסט, איז אים שוין שווער געוואָרן צו צוימען. די קנאים פון ביידע צדדים האָבן נישט איבערגעקליבן אין זייער וואָפן. אַלע מיטלען האָבן זיי אויסגעזען צו זיין ריכטיק און כשר. ס'איז דאָ נישט אונזער אויפגאַבע איבערצוגעבן די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן, פון זינט דעם באַשלוס פון די שקלאָווער למדנים צו באַקעמפן חסידות און אויסצוראָטן עס פון דער וועלט, און זינט דעם גאונס אָפּזאָג אויפצונעמען ר' שניאור זלמן מלאדי, וועלכער איז אגב ספּעציעל געקומען פון ווילנע, כדי

אויפצוקלערן אים דעם מהות פונם חסידות. מיר ווילן דאָ אויך נישט פעסטשטעלן ווער פון די ביידע צדדים האָט מער שולד אין די טרויעריקע פּאַסירונגען. מיין ציל איז נאָר אָנ־צווייזן אויף דעם, ווי אַזוי דער דאָזיקער קאַמף האָט גע־פונען זיין אָפּשפּיגלונג און אויסדרוק אינם חסידישן הומאָר (נישט אין דער הומאָריסטישער ליטעראַטור פון די משכי־לים, ווי די סאַטירישע שאַפונגען פון יצחק ערטער, אָדער „מגלה טמירין" פון יוסף פערל א. אנד.), ווי ווייט דער הומאָר האָט געדינט אַלס כלי־זין אין דעם קאַמף צווישן די חסידים און מתנגדים, ביי ביידע צדדים צוזאַמען. שוין דאָס ערשטע העפטל, וואָס די מתנגדים האָבן אַרויסגעגעבן קעגן די חסידים „זמיר עריצים וחרבות צורים", וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל „להכרית כל הקוצים וכל הנעצוצים אשר קמו בעדת היהודים כת אחת ונקראים בשם חסידים" — אַנטהאַלט שאַרפזיניקע שפּאַס־ווערטער קעגן די חסידי־שע גדולים און זייערע מנהגים. דורך דעם דאָזיקן קרייז זיי־נען אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן קונטרסים און פלוג־בלעט־לעך און פאַרשידענע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, אין וועלכע עס ווערט אויסגעלאַכט די נייע, חסידישע „כת".

די מתנגדים צילן זייערע פיילן אין די רביים, לאַכן אויס זייער „דרך", זיינען זיי חושד אין צביעות און לייכט־זיניקייט און באַצווייפלען די ריכטיקייט פון זייערע מופתים. זיי קריטיקירן זיי אויך צוליב זייערע נייע מנהגים: זיי פאַרשפּעטיקן דעם זמן התפילה, אַז זיי לערנען נישט, און קענען נישט אין אַ געניגנדיקער מאָס תורה, אַז זיי „טרינ־קען" זייער פיל יי"ש א. א. וו. די שפּאַס־ווערטלעך פון די מתנגדים אויפן חשבון פון די חסידים זיינען, אין גרעסטן

טייל, זייער שארפע און, אפשר, אויך נישט גאנץ איבערגע־
קליבענע... אויך די חסידים זיינען „נישט שולדיק געבליבן",
זיי האבן זיך אויך באנוצט מיטן שפאס און גלייכווערטל
ווי א קאמפס־אינסטרומענט, אבער, על פי רוב, ווי אזעלכע
וואס פארטיידיקן זיך און נישט ווי אנגרייפער. די חסידים
ווארפן פאר די מתנגדים, אז עס פעלט זיי די אמונה פון
צדיקים, אז זיי זיינען קאלט ווי אייז, אז זיי פארמאגן נישט
דעם „ברען", די התלהבות פאר א דבר מצוה א. א. וו. די
שאלות ותשובות צווישןביידע צדדים, די פארשידענע טע־
נות און תירוצים, די פארווורפן און די ענטפערס אויף זיי,
זיינען ביי פארשידענע געלעגנהייטן פארשריבן געווארן.
פון זיי וועט אינטערעסאנט זיין צו דערמאנען דעם ספר
„וויכוחא רבא" (דער גרויסער וויכוח) צווישן א חסיד און
א מתנגד: ר' בנימין זאב מסלאנים, א תלמיד פון דעם ווילנ־
נער גאון און ר' יוסף נעמיראָווער, ר' לוי יצחק בערדי־
טשעווערס א תלמיד, אבער דער דאזיקער ספר צייכנט זיך
אויס מיט ערנסטקייט און טיפזיניקייט און געהערט דערי־
בער נישט צו אונזער ענין.

די חסידים האבן דעפינירט דעם אונטערשיד צווישן א
רב און א רבין, אויף אזא אופן: דעם רב פרעגט מען שא־
לות — דעם רבין פרעגט מען עצות; אויף א רב איז נישטא
קיין תירוץ און אויף א רבין איז נישטא קיין קשיא; א רב
איז אן א „ייד" — א רבי איז מיט א „ייד".

און די מתנגדים האבן זיך געחכמהט: א מענטש קען זיך
„פארשטעלן" ווי נאר ער וויל; ער קען זיך „מאכן" פאר א
גענעראל, א פרינץ און אז ער זאל אפילו אויסזען ווי א
מלך, אבער „פארשטעלן" זיך ווי א חסידישער רבי קען ער

נישט, ווייל ווי נאָר ער טוט אָן אַ זיידענע זשופּיצע, אַ שטריימל אויפן קאָפּ, „שאַפט" זיך אַ גבאי און נעמט „פּדיונות" — איז ער דאָך שוין אַ רבי ממש...

מתנגדים פרעגן: דער יצר הרע איז אַ חסיד, אָדער אַ מתנגד? און זיי ענטפערן: ער איז זיכער אַ חסיד, ווייל ער איז שטענדיק ביים רבין...

חסידים פרעגן: משיח איז אַ חסיד, אָדער אַ מתנגד? און זיי ענטפערן: ער איז זיכער אַ מתנגד, ווייל אויב ער וועט זיין אַ חסיד, וועלן דאָך די מתנגדים נישט גלויבן אין אים...

ר' ענזל סטריער האָט אַמאָל געזאָגט צום צדיק, ר' יהודה צבי ראזלער: זיין אַ רבי און פירן „רביסטווע" איז אַ תאווה ווי אַלע אַנדערע תאוות. אמת — האָט אים געענטפערט ר' יהודה צבי — אָבער צו דער תאווה איז מען זוכה ערשט דאַן, ווען מען האָט זיך שוין באַפרייט פון אַלע איבעריקע תאוות...

דער רבי, ר' לייבעלע אייגער האָט אַמאָל געפרעגט דעם קאָצקער רבין: וואָס פאַרא תירוץ זאָל איך זאָגן מיין זיידן, ר' עקיבא אייגער, אויפן איחור זמן התפילה, און מיין זיידן מוז מען דאָך זאָגן אַ תירוץ, וואָס זאָל זיין על פי דין און נישט אויפן חסידישן „דרך". האָט אים דער קאָצקער געענטפערט: זאָלסט זאָגן, דאָס מיר געפינען ביים רמב"ם, אַז ווען אַ פּועל אַרבעט ביים בעל־הבית און ער שלייפט אַ גאַנצן טאָג די זעג זיינע, און ערשט פאַרנאַכט נעמט ער זיך זעגן דאָס האָלץ, ווערט דאָס שלייפן אויך פאַרעכנט פאַר אַ מלאכה און עס קומט אים צו באַצאָלן פאַר אַ גאַנצן טאָג אַרבעט...

ר' משה פּשעוואָרסקער האָט אַמאָל, ענטפערנדיק אַ

רב אַ מתנגד, ווען ער האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס חסידים פאַרשפּעטיקן דעם זמן התפילה, געזאָגט: דו קומסט פרעגן פאַרוואָס חסידים דאַווענען שפּעט, פרעג זיך בעסער פאַר־וואָס די מתנגדים דאַווענען בכלל נישט...

דער גאון ר׳ אייזיל חריף האָט אַלע זיינע יאָרן אָפּגע־לאַכט פון די חסידים. האָבן די חסידים פון זיין שטאָט אַמאָל געזאָגט צו אים: זעט ווי דער כוח פון אונזער רבין איז גרעסער פון אייערן. איר זענט סלאָנימער רב, אָבער נישט קיין בעל מופת און אונזער רבי, ר׳ אברהם, איז סלאָ־נימער רבי און אַ בעל מופת אויך. ר׳ אייזיל האָט געענט־פערט: אַזוי דאַרף זיין. אין דער תורה ווערט געזאָגט: כי יקום בקרבך נביא או חולם חלום ונתן לך אות או מופת. איז דאָך קשה: עס האָט דאָך געדאַרפט זיין „אות ומופת" און נישט „אות או מופת", נאָר דאָס לערנט אונז: דער וואָס קען אַן אות קען נישט באַווייזן קיין מופת און דער וואָס קען באַווייזן אַ מופת קען נישט קיין אות...

מתנגדים דערציילן: צוויי חסידים האָבן אַמאָל געפירט אַ וויכוח וועמענס רבי איז „גרעסער". איינער האָט געזאָגט: מיין רבי, ווייל ער לערנט אַ גאַנצן טאָג תורה און דער צווייטער האָט געזאָגט: מיין רבי, ווייל ער דאַוונט אַ גאַנצן טאָג. פרעגט דער ערשטער חסיד: און וואָס וועט טאָן דיין רבי ווען משיח וועט קומען און ער וועט זאָגן, אַז תורה־לערנען איז חשובער. ענטפערט אים דער צווייטער: מילא, אויב משיח וועט אַזוי זאָגן, וועט מיין רבי זיך אַוועקזעצן און לערנען אָן אויפהער צען יאָר, ביז וואַנען ער וועט ווערן אַ גדול בתורה. אָבער וואָס וועט טאָן דיין רבי אויב משיח וועט זאָגן, אַז תפילה איז חשובער? ענטפערט דער ערש־

טער: אויב משיח וועט אזוי זאָגן, וועט מיין רבי אויפהערן צו לערנען צען יאָר, ביז וואַנען ער וועט ווערן אזא עם־הארץ, ווי דיין רבי. — נאַרישקייטן! רופט־אויס מיט אַ נצחון־פרייד דער צווייטער חסיד: אזא עם־הארץ ווי מיין רבי וועט דיין רבי נישט קענען זיין, אפילו ווען ער וועט פופציק יאָר נישט לערנען...

מתנגדים דערציילן, אויפן פסוק פון דער תורה — „ויתרוצצו הבנים בקרבה", זיי האָבן זיך געקריגט, עשו און יעקב, ביז וואַנען זיי האָבן געמאַכט אַ הסכם צווישן זיך: די וועלט מיט אַלע אירע הנאות — געהערן עשון, עולם הבא און תורה־לערנען — יעקבן. יעקב האָט טאַקע אָנגעהויבן לערנען תורה און עוסק זיין אין מלמדות. באַלד איז עשו צו אים געקומען מיט אַ טענה, אַז דאָס איז קעגן הסכם — „די פאַרדינסט פון דיין תורה־לערנען". יעקב האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז אַ קליינע הנאה, ווייל דאָס מלמדות ברענגט אים נישט קיין הכנסה. שפּעטער האָט יעקב אָנגעהויבן עוסק־זיין אין רבנות — איז ווידער עשו געקומען מיט דער טענה, אַז דאָס איז קעגן הסכם, ווייל ער פאַרדינט פון דעם און איז נהנה פון עולם הזה. יעקב האָט אים דערויף מסביר־געווען, אַז אויך דאָס איז אַ קליינע הנאה, ווייל אַ רב דאַרף זיין נכנע צו די פרנסי הקהל א. א. וו. לסוף האָט יעקב אָנגעהויבן עוסק־זיין אין „רבי־סטווע" און ווען עשו איז ווידער געקומען מיט אַ טענה, ענטפערט אים יעקב: זיין אַ רבי וועסטו אויך קענען, מען דאַרף צו דעם נישט קענען לערנען...

די מתנגדים האָבן געהערט, אַז אויך אַ חסידישער רבי, דער „חדושי הרי"ם", איז אַ גדול בתורה. זיי האָבן נישט

געקענט אין דעם גלויבן און געשיקט צוויי פון זייערע חב־
רים אים צו פארהערן. זיי האבן גענומען א מסכת, ארויס־
גענומען פון איר צוויי בלעטער און געפרעגט דעם „חידושי
הרי״ם" דעם טייטש פון דער גמרא. דער רבי, נישט כאפנ־
דיק זיך, אז ס׳פעלן דא צוויי בלעטער, האט זיי מסביר גע־
ווען דעם ענין מיט א שארפן פילפול. די מתנגדים האבן
געענטפערט: אז זייער רב וואלט געזאגט אנדערש. האט
דער רבי ווידער אריינגעקוקט אין ספר און געזאגט נאך א
שארפערן פילפול. די מתנגדים האבן אויסגעהערט און
הנאה געהאט, אבער — האבן זיי געטענהט — אונזער רב
וואלט דאך געזאגט אנדערש. דער „חידושי הרי״ם" האט
געבעטן, זיי זאלן אים לאזן אביסל לענגער זיך פארטראכטן
און דערנאך האט ער זיי מסביר־געווען די גמרא מיט אן
אויסערגעוויינלעך שארפן פילפול. די מתנגדים זיינען נת־
פעל געווען פון זיין גרויסער חריפות. פונדעסטוועגן האבן
זיי זיך געהאלטן ביי זייערס — „אונזער רב וואלט אנדערש
געזאגט". וואס וואלט ער געזאגט? — פרעגט זיי דער „חי־
דושי הרי״ם" — ער וואלט געזאגט, אז עס פעלן דא, אין
דער גמרא, צוויי בלעטער...

צוויי אנדערע מתנגדים זיינען געפארן „פארהערן" א
צווייטן רבין, אויף וועלכן מען האט אויך געזאגט, אז ער
איז א גדול בתורה. זיי האבן אים געפרעגט: אין דער משנה,
מס׳ מגילה, ווערט געזאגט: מגילה נקראת בי״א, י״ב, י״ג,
י״ד, ט״ו — און רש״י באמערקט אויפן ארט: לפעמים בזה
ולפעמים בזה.

אין מסכת שבת ווערט געזאגט: תינוק נימול לשמונה,
לתשעה, לעשרה, לי״א ולי״ב — זאגט רש״י: פעמים בזה

ולפעמים בזה. בשלמא ביי מגילה האָט מען געקענט מיי־
נען, אַז די כוונה פון דער משנה איז, אַז מען דאַרף לייענען
די מגילה אין די אַלע טעג צוזאַמען, האָט רש"י געדאַרפט
צוגעבן, אַז די כוונה איז: לפעמים בזה ולפעמים בזה (אַמאָל
— אין דעם טאָג און אַמאָל — אין אַ צווייטן טאָג), אָבער
ביי מל־זיין אַ קינד, צוליב וואָס דאַרף דאָס רש"י זאָגן?
דער רבי האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און געענטפערט
מיט אַ פּילפּול. די מתנגדים האָבן מיט אים נישט מסכים
געווען. אונזער רב — האָבן זיי געטענהט — וואָלט אַנ־
דערש געזאָגט. וואָס וואָלט ער געזאָגט? — פרעגט זיי דער
רבי און די מתנגדים ענטפערן: אונזער רב ווייסט, אַז ביי
אַ תינוק הנימול האָט גאָר רש"י אַזוי נישט געזאָגט...

אַ רבי האָט זיך אַמאָל צונויפגעטראָפן אין אַן אכסניה
מיט אַ רב, אַ מתנגד. אינדערפרי האָט זיך דער רב אַוועקגע־
זעצט לערנען און דער רבי האָט כסדר אַרומגעשפּרייזט אין
דער אכסניה, און אונטערגעברומט שטילערהייט אַ ניגון
„באָם, בום, באָם"... דער רב האָט זיך געכעסט און אים גע־
פרעגט, פאַרוואָס ער שטערט אים לערנען. דער רבי האָט
געענטפערט. עס שטייט דאָך: „ודברת בם". פרעגט אים
דער רב: אויך מיט דיינע קינדער לערנסטו אַזוי? יאָ —
זאָגט דער רבי — עס ווערט דאָך געזאָגט: „ולמדת את בניך
לדבר בם". אויב אַזוי — זאָגט דער רב — וועל איך אויך
זאָגן בם, ווען עס וועט מיר עפּעס זיין „שווער" אין דער
גמרא, אפשר וועל איך בעסער פאַרשטיין. און דער רבי
ענטפערט אים: ס'זיינען אָבער פאַראַן צוויי מינים בם:
„צדיקים ילכו בם ופושעים יכשלו בם"...

ר' אפרים סעדילקאָווער, דער „דגל מחנה אפרים"

פלעגט זאָגן: וואָס איז דער אונטערשיד צווישן אַ מתנגד און אַ חסיד אין תורה־לערנען? אַ מתנגד ווען ער איז מרבה תורה — איז ער מרבה גיאות (האַלט־זיך גרויס) און אַ חסיד — מרבה תורה, מרבה שפלות... ר' מענדעלע קאָצקער האָט געזאָגט, אַז דער חילוק צווישן אַ מתנגד און אַ חסיד איז דער: דער חסיד האָט מורא פאַר גאָט און אַ מתנגד האָט מורא פאַר דעם שולחן ערוך...

אַ מתנגד האָט זיך אַמאָל פאַרגנבעט צו אַ רבינס „טיש" מיט דער כוונה „אָפּצוטון אים אַ שטיקל". דער רבי האָט אים באַמערקט און אים געפרעגט: ווי הייסטו? קלמן — ענטפערט דער מתנגד. האָט דער רבי אַ זיפץ געטון און געזאָגט: וויי, וויי, „קלמן" — ראשי תיבות פון „כזבנו, לצנו, מרדנו, נאצנו". האָט זיך דער מתנגד צעלאַכט: „קלמן" שרייבט מען דאָך מיט אַ „ק" און „כזבנו" — מיט אַ „כ". ענטפערט אים דער רבי: אויב דו האָסט געלערנט דיקדוק האָסטו אָבער נישט געלערנט קיין רש"י. רש"י זאָגט בפירוש: בת ק' כבת כ'...

אַ מתנגד איז אַמאָל אויסגעקומען צו דאַוונען פאַרן עמוד, פאַר אַ חסידישן עולם. די חסידים האָבן אים געצוואונגען צו דאַוונען נוסח ספרד און נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט דאָס דאַוונען, האָבן זיי זיך מיט אים גערייצט: כאָטש דו ביזט אַ מתנגד, האָסטו געזאָגט „ויצמח פורקניה ויקרב משיחיה". האָט זיי דער מתנגד אָפּגעענטפערט: זייט רואיק: אַזוי האָב איך טאַקע געזאָגט, אָבער אין־זיך האָב איך דאָס נישט געמיינט, נישט מכוון־געווען...

אַ חסיד האָט אַמאָל געזאָגט: נאָכן דאַווענען לערנען די מתנגדים משניות און די חסידים „מאַכן אַ שנאַפּס", ווייל

דאָס דאַווענען פון די מתנגדים איז קאַלט, טויט, און נאָך א טויטן לערנט מען משניות. דאַקעגן די חסידישע תפילה איז מיט התלהבות, לעבעדיק, און דעריבער טרינקען זיי לחיים...

ער האָט אויך געזאָגט: אינם וואָרט „מתנגד" געפינט מען די אותיות מת (טויט) און אין דעם וואָרט חסיד — די אותיות חי (לעבן)...

און: נאָך „עלינו" געפינט מען אין סידור צוויי קליינע אותיות — ק"י. מתנגדים האַלטן, אַז די צוויי אותיות באַדייטן „קדיש יתום", אָבער די חסידים לייענען זיי: ק"י — קנה יי"ש (קויף בראָנפן)...

אין שייכות מיט דעם, ווערט אָט וואָס דערציילט אינם ספר „כנסת ישראל" וועגן ר' ישראלטשע רוזשינער: מתנגדים פון דער שטאָט סאַנאָק זיינען אַמאָל, פאַרבייפאָרנדיק זיין שטאָט, געקומען צו אים פירן א וויכוח וועגן חסידישן „דרך". מיר — האָבן זיי געטענהט — פירן זיך ווי גאָט האָט געבאָטן: מיר זיינען קובע עתים לתורה, דאַווענען פרי און בצבור, נאָכן דאַווענען לערנען מיר משניות, אָבער די חסידים זיינען זיך נוהג צו דאַווענען נאָכן זמן התפילה, באַלד נאָכן דאַווענען טרינקען זיי צוזאַמען בראָנפן — טאָ פאַרוואָס רופט מען זיי חסידים און אונז — מתנגדים. עס דאַרף דאָך זיין פאַרקערט?

דעם רבינס משמש, ר' לייב, האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן און זיי געענטפערט מיט א שפאַס, אַז די גאַנצע „עבודה", און אויך דאָס דאַווענען פון די מתנגדים איז קאַלט ווי א מת — און נאָך א מת לערנט מען משניות; דאַקעגן די חסידים — דאָס ביסעלע, וואָס זיי טוען פאַר־

מאָגט חמימות, פייער, ווי פון אַ לעבעדיקן מענטשן, וועל־כער האָט אין זיך וואַרעמקייט, און אַ לעבעדיקער מענטש דאַרף אויך טרינקען אַביסעלע בראָנפן.

דער רבי אַליין האָט זיי געזאָגט: דאָס איז נאָר אַ תירוץ בדרך הלצה, אָבער דער אמת איז, אַז זינט דעם חורבן בית המקדש פאַרטרעט די תפילה דעם קרבן, ווי עס ווערט געזאָגט: ונשלמה פרים שפתינו און תפילות כנגד תמידין תקנו. ס׳איז באַוואוסט, אַז אַ קרבן ווערט נפסל דורך אַ שלעכטער מחשבה (מחשבת פיגול) און ווערט נישט אָנ־גענומען. דעריבער ווערט אויך די תפילה, וואָס קומט אנ־שטאט אַ קרבן, פסול דורך אַ זייטיקער מחשבה (מחשבת חוץ). ווען אַ מענטש שטעלט זיך אַוועק דאַווענען, קומט צו אים דער יצר הרע און וויל מיט כלערליי תחבולות אַריינברענגען אין אים פאַרשידענע שלעכטע געדאַנקען, מחשבות זרות, און דעריבער האָבן די חסידים אויסגעפו־נען אַן עצה קעגן זייער שונא, דעם יצר הרע: נאָכן דאַווע־נען זעצן זיי זיך אַוועק טרינקען אַ גלעזל יי״ש און ווינטשן זיך איינער דעם צווייטן, אַז גאָט זאָל דערפילן זייערע פאַרלאַנגען. עס ווערט דאָך אויך געזאָגט, אַז „תפילה נא־מרה בכל לשון״ (מען קען מתפלל־זיין אין יעדן לשון). און אַזוי ווערט דאָס אויך פאַררעכנט פאַר אַ תפילה צו וועל־כער דער יצר הרע האָט נישט קיין שליטה, ווייל ער מיינט, אַז דער גאַנצער ענין איז אַ גשמיותדיקער: מ׳איז עוסק אין עסן און טרינקען און מ׳רעדט בלשון חול און ער פילט גאָרנישט, אַז עס האָט עפּעס־וואָס צו טון מיט תפילה...

אַ רב, אַ מתנגד, האָט אַמאָל געזאָגט צו אַ חסידישן רבין: איך וואונדער זיך אויף די חסידים: זיי טרינקען בראָנפן הן

ביי פריילעכע און הן ביי טרויעריקע געלעגנהייטן. האָט אים דער רבי געענטפערט: ביי חסידים איז נישט דאָס טרינקען דער עיקר, נאָר די ברכה. די חז״ל האָבן אונז געזאָגט: „חייב אדם לברך על הרעה כשם שמברך על הטובה", און ס'איז נישט פאַראַן קיין פּאַסיקערע ברכה ווי א „שהכל", דעריבער טרינקען זיי בראָנפן. אויב אַזוי — זאָגט דער מת־נגד — זאָלן זיי טרינקען וואַסער און אויך מאַכן אַ „שהכל". דער רבי ענטפערט אים אויף דעם: אַ מענטש, וועלכער איז שוין דערגאַנגען צו דער מדרגה, אַז ער איז מברך על הרעע כשם שמברכים על הטוב — פאַרדינט, אַז מען זאָל אים געבן אַ גלעזעלע יי״ש...

חסידים זאָגן: יעדע מצוה, וואָס אַ מענטש טוט באַשאַפט אַ גוטן מלאך און פון יעדער עבירה — ווערט באַשאַפן אַ שלעכטער מלאך. ווען דער מענטש שטאַרבט, רופט מען די מלאכים, וואָס זיינען דורך אים (זיינע מעשים) באַשאַפן געוואָרן, כדי די גוטע (מלאכים) זאָלן קעמפן מיט די שלע־כטע, און די וועלכע זיגן — זיי באַשטימען דאָס אָרט פון דעם געשטאָרבענעם, אין גן־עדן אָדער אין גיהנום. אַ חסיד, וועלכער טוט אַלץ „מיט ברען" — זיינען זיינע מלאכים אויך „הייסע" און זיי קעמפן מיט ברען און די פראַגע ווערט שנעל געלייזט. להיפך, ביי די „קאַלטע" מתנגדים — זיי־נען אויך די מלאכים זייערע „קאַלטע" און ביז וואַנען זיי „דערוואַרעמען זיך" צו קעמפן, גייט אַדורך די צייט און דער מתנגד ווערט אינצווישן פאַרפאַלן אין כף הקלע...

דער „נודע ביהודה", ר' יחזקאל לאַנדוי, האָט אין דער ערשטער אויפלאַגע פון זיין ספר (חלק „יורה דעה") גע־שריבן וועגן דעם חסידות: „אלה הם מחריבי הדור ועל

דור יתום זה אני אומר, כי ישרים דרכי ה׳ וצדיקים ילכו בם וחסידים יכשלו בם״. נאָכדעם ווי דער ספר איז אָפּגע־דרוקט און אויספּאַרקויפט געוואָרן, האָט דער סעדילקאוער דרוקער געוואָלט אַרויסגעבן אַ צווייטע אויפלאַגע, און כדי „איבערצוקויפן״ די חסידים, האָט ער געזאָלט, אנשטאט „וחסידים״ אויסבעסערן און אַריינשטעלן דאָס וואָרט „ופושעים״, לויטן לשון הכתוב. ווען דער „נודע ביהודה״ האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, איז ער געווען אומצופרידן און ער האָט געזאָגט: עס וואונדערט מיך, פאַרוואָס זיי ווילן קאַליע מאַכן דאָס, וואָס איך האָב גוט־געמאַכט? איך האָב פון „פושעים״ געמאַכט „חסידים״, איצט ווילן זיי פון „חסי־דים״ מאַכן — „פושעים״.

ר׳ חיים צאנזער, האָט אין זיינע יונגע יאָרן געלערנט ביי ר׳ שמעון סופר אין קראָקע. שפּעטער איז ער אַוועק צו חסידות און אָנגעהויבן „פאָרן״ קיין ריזשין. קומענדיק אַמאָל צו זיין רבין, האָט אים ר׳ שמעון געפרעגט: וואָס זעט מען דאָרט אין ריזשין? — ענטפערט אים ר׳ חיים: צוויי בערג זיינען די אויסדערוויילטע: דער באַרג סיני, אויף וועלכן ס׳איז געגעבן געוואָרן די תורה און דער הר־המוריה, אויף וועלכן ס׳איז געווען די עקידת יצחק. אין פלוג גענומען איז דאָך אַ קשיא: פאַרוואָס האָט מען דעם בית המקדש געשטעלט אויפן הר המוריה און נישט אויפן הר סיני? צו ווייזן אונז, אַז אַ ייד, וואָס שטרעקט־אויס זיין האַלדז אויף קידוש־השם, איז חשובער און מער אָנגענומען ביים הקב״ה ווי דאָס אָרט, וואו ס׳איז געגעבן געוואָרן די תורה. אין תורה און אין לומדות — האָט פאַרענדיקט ר׳ חיים — איז קראקע „שטאַרקער״ פון ריזשין, אָבער אין

ריזשין זעט מען מער מסירות־נפש.

אַזוי האָבן זיך קעגנזייטיק באַקעמפט די חסידים און די מתנגדים מיט אַ „שאַרף וואָרט", מיט אַ שפּאַס און הלצה און ר' מנשה פון איליע וועלכער האָט זיך צו דעם קאַמף צוגעקוקט מן הצד,. האָט געזאָגט, אַז ביידע צדדים זיי־נען זיך טועה: דער חסיד איז זיך טועה, מיינענדיק, אַז ער האָט אַ רבין, און דער מתנגד האָט אַ טעות ווען ער מיינט, אַז ער דאַרף נישט קיין רבין...

ר' מענדעלע קאָצקער האָט, נאָכן מיאש־זיין זיך פון די מתנגדים, אַז זיי זאָלן קענען באַגרייפן און פאַרשטיין די אויפגאַבע פונם חסיד „אויפצוהויבן און העכער צו מאַכן דעם הימל", אָנגעהויבן רופן צו אַ קעגנזייטיקער פאַרשטענ־דעניש און ער האָט געזאָגט: גענוי אַזוי ווי די מענטשן אונטערשיידן זיך לויט זייער אויסזען, אַזוי זיינען אויך זיי־ערע מיינונגען פאַרשידענע, און פּונקט ווי דו קענסט דולדן אַ מענטש, וועלכער אונטערשיידעט זיך פון דיר מיט זיין אויסזען, אַזוי מוזטו אויך קענען פאַרטראָגן דעם מענטש, וועלכער האָט נישט די זעלבע מיינונגען ווי דו"...

חיים הלברשטאם

פאַקסימיליע פון ר' חיים צאַנזערס אונטערשריפט

## י.

דער אייגנאַרטיקער חסידישער לעבנס־שטייגער. — אַ חסידישע דרוקעריי. — ר׳ הירש רימאַנאָווערס יחוס. — דער אָפּטער צדיק באַשטראָפט די „קאָזאַקן״ אויף דער חתונה אין אוסטיליע. — די באַדייטונג פונם חסידישן ניגון. — דער מעזריטשער מגיד, וועגן ר׳ אהרן הגדולס ניגון. — פיש אויף שבת. — דער אָפּטער צדיק אויף זיינע נסיעות. — ר׳ שלום קאַמינקער „פאַר-הערט״ אַ דאָרפס-יינגל. — ר׳ שלום פאַר-שפעטיקט קומען צו זיין רבין. — דאָס „בישט האַלטן״ פון דאָקטוירים. — די „פי-לאָזאָפיע״ פון „ביטל־נעכט״. — די רביים — יורשים פון זייערע פאָרגייער. — רמ-זים אויף נעמען. — דער „ישמח משה״ אין די בין המצרים-טעג.



י אַ גרויסע פאָלקס־באַוועגונג האָט דאָס חסי־
דות אויך פאַרמאָגט זיין אייגנאַרטיקן לעבנס־שטייגער.
אין די רבישע „הויפן" זיינען געשאַפן געוואָרן אייגנאַרטיקע
מנהגים, אַ באַזונדערער „דרך" און דענקונגס־אַרט, שפּראַך־
פאָרמען און אָריגינעלע אופנים פון רעאַגירן אויף געשעע־
נישן. חסידים האָבן פאַרמאָגט זייערע באַזונדערע סידורי־
תפילה, נגונים, קליידונג און אפילו אַ שולחן־ערוך, פאַר
זייער שימוש, האָט מחבר־געווען ר' שניאור זלמן מלאַדי,
אויף דעם פאַרלאַנג פונם מעזריטשער מגיד. די צוואות און
די התנהגותן פון די גרויסע רביים זיינען, על פי רוב, פאַר־
צייכנט געוואָרן דורך זייערע תלמידים, אָדער דורך זיי
אַליין און זיי האָבן געדינט ווי אַ וועג־ווייזער פאַר זייערע
צאַלרייכע חסידים.

ר' משה שפירא פון סלאַוויטע, ר' פנחסל קאָריצערס זון,
איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט פאַרלייגט אַ חסי־
דישע דרוקעריי, אין וועלכער עס זיינען נישט געדרוקט
געוואָרן קיין השכלה־ און מתנגדישע ספרים. ווען ס'איז
אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ נייע אויפלאַגע פון ש"ס האָט ער
נישט געוואָלט אָפּדרוקן די הגהות פון ווילנער גאון און
דערמיט אַרויסגערופן קעגן זיך אַ שאַרפע מחלוקת מצד די
גאונים, רבי עקיבא אייגער, חתם־סופר א. אנד. אַ לאַנגע
צייט האָבן די חסידים פון אוקראַינע מקפיד־געווען צו
לערנען „זוהר" פון סלאַוויטער דרוק. ר' נתן, דער תלמיד פון

ר׳ נחמן בראצלאווער, האָט פאַרלייגט אַ באַזונדערע דרוקע־ריי פאַר חסידישע ספרים אין נעמעראָוו. אויך אין מעזשי־בעזש איז אַנטשטאַנען אַ באַזונדערע חסידישע דרוקעריי. די דאָזיקע פאַרלעגער האָבן אויפגעהערט צו באַקומען, ווי עס איז געווען אָנגענומען ביז דעמאָלט, „הסכמות" פון רבנים־גאונים אויף ספרים, וואָס זיי האָבן אַרויסגעגעבן; זיי האָבן נאָר באַקומען הסכמות פון רביים און צדיקים.

צו יעדער מסיבת־מצוה האָבן די חסידים געהאַט זייערע באַזונדערע מנהגים: אויף חתונות, ברית־מילה׳ס, תנאים און פייער־טעג, שבתים און ימים־טובים. די דאָזיקע מנהגים זיינען אין גרעסטן טייל אויפגעהיטן געוואָרן אין די חסידי־שע קרייזן ביזן היינטיקן טאָג. די חסידישע מנהגים זיינען אַ טעמע פאַר זיך. מיר ווילן דאָ נאָר איבערגעבן אייניקע סיפורים וועגן דעם.

בעת אַ „תנאים־שרייבן" ביי חסידים, האָבן זיך ביידע צדדים נוהג־געווען פאַרצולייענען זייער כתב־היוחסין. אויף די „תנאים" אין ר׳ ישראלטשע ריזשינערס „הויף" אין סאַדי־גור, צווישן זיין אייניקל, דעם פינף־יעריקן זון פון זיין זון, ר׳ אברהם יעקב, און ר׳ הערש משרתס טאָכטער, וועלכע איז דאַן אַלט געווען דריי יאָר, האָט ר׳ ישראלטשע געזאָגט: מיין יחוס־קייט איז אַ לאַנגע: מיין פאָטער איז געווען דער צדיק ר׳ שלום שכנא פון פּראָהאָבישטש, זיין פאָטער איז געווען ר׳ אברהם המלאך, מיין זיידנס פאָטער איז געווען דער רבי ר׳ בער פון מעזריטש און זיין יחוס דערגייט ביז צו דוד המלך. און איצט — ווענדעט ער זיך צו ר׳ הירש רימאַנאָווער — דערציילט איר אייער יחוס. האָט דער רי־מאַנאָווער אָנגעהויבן: מיינע טאַטע־מאַמע זיינען אַוועק

פון דער וועלט ווען כ'בין געווען א קינד פון צען יאר און כ'האב כמעט נישט געהאט די זכיה זיי גוט צו קענען. איך ווייס אבער, אז זיי זיינען געווען גוטע און ארנטלעכע מענטשן. נאך זייער טויט האבן מיינע קרובים מיך אוועק־געגעבן צו א שניידער לערנען זיך מלאכה. כ'בין געווארן אן אמתער שניידער און ווי אזעלכער האב איך שטענדיק אכטונג געגעבן צו פאריכטן דאס אלטע און נישט־קאליע מאכן דאס נייע... ביי די ווערטער האט זיך אויפגעשטעלט ר' ישראלטשע ריזשינער און אויסגערופן: דער יחוס גע־נוגט שוין, דער שדוך פאסט פארביידע צדדים.

א חתונה אין א רבישן „הויף" איז פארוואנדלט געווארן אין א גרויסער פאלקס־שמחה. חדשים־לאנג האט מען זיך צו דעם געגרייט. יעדער איינער חסיד האט געהאלטן פאר נויטיק צו קומען און זיך באטייליקן אין דער שמחה פון זיין רבין, אדער לפחות שיקן א שיינעם דרשה־געשאנק. חסידים, „פארשטעלט" אלס „קאזאקן", פלעגן אנפירן מיט דער שמחה און זי באשיינען. איינע פון די צווישן חסידים בארימטסטע חתונות איז געווען די חתונה אין אוסטיליע צווישן די קינדער פון ניעשכיזער און ראדזיווילער „הויף". וועגן דער חתונה, צו וועלכער עס זיינען געקומען כמעט אלע רביים און טויזנטער חסידים זייערע איז רייך געווען אין אינטערעסאנטע פאסירונגען, ווערט זייער פיל דער־ציילט. ס'האט געטראפן, אז איינער פון די „חסידים־קאזאקן" האט אויסגעטרונקען אביסל בראנפן, איבער דער מאס, און ער האט אפגעטון א „מעשה־קונדס" — ער האט צעבראכן די נוצרי־פיגור, וואס איז געשטאנען ביים קלוי־סטער אין דעם שכנותדיקן דארף. עס איז גלייך אנטשטא־

נען אַ בהלה צווישן די פּויערים. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסנווייז צו פאַרזאַמלען, כדי זיך נוקם צו זיין אין די יידן, וועלכע פאַרשוועכן זייער רעליגיע. אַ דעלעגאַציע פון קריסטלעכע גייסטלעכע איז געקומען צום עלטסטן רבין אויף דער חתונה, ר׳ יהושע העשל אַפּטער, מיט אַ גערעכ־טער טענה: מיר האָבן זיך גוט באַצויגן צו אייך, מיר האָבן אייך שיין אויפגענומען, איינקוואַרטירט אייערע געסט אין אונזערע שטאָלן, און ווי אַזוי האָט איר אונז אָפּגעדאַנקט פאַר דעם? דער צדיק האָט אים אויסגעהערט און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די „מעשה קונדס" פון דעם חסיד קען ברענגען צו שרעקלעכע זאַכן. ער האָט באַפוילן, אַז מען זאָל צו אים ברענגען די שולדיקע „קאָזאַקן". חסידים זיי־נען אַוועק זוכן און זיי געברענגט פון אַ באַהעלטעניש. דער אַפּטער איז צו זיי צוגעגאַנגען, אַראָפּגעריסן פון זייערע מלבושים די „קאָזאַקישע" אָפּצייכענונגען און אָנגעשריגן: אויב איר האָט געטון אַזאַ זאַך, זענט איר מער נישט ראוי צו זיין קיין „קאָזאַקן". די קריסטלעכע גייסטלעכע, זיינען נבהל־געוואָרן צוזעענדיק דאָס אַלץ און זיי האָבן געזאָגט: רבי, מיר האָבן טאַקע געוואָלט, אַז דו זאָלסט באַשטראָפן די שולדיקע, אָבער אויף אַזאַ האַרבע שטראָף האָבן מיר זיך נישט געריכט...

אַ חשובן פּלאַץ האָט פאַרנומען אין די רבישע „הויפן" דער חסידישער ניגון. ר׳ מנחם מענדל קאָסאָווער האָט געזאָגט, אַז אַ מענטש וועלכער קען זיך נישט דערנענטערן צו הקב״ה, קען צו דעם צוקומען דורכן היכל פון נגינה. אַ „יודע נגן" איז דורך די חסידים באַטראַכט געוואָרן ווי אַ בעל מדרגה. דער קאָזשעניצער מגיד האָט אויסגע־

טייטשט דעם „הטיבו נגן בתרועה" : — אויב איר וועט גיין אין גוטן וועג (הטיבו), „נגן" — וועט איר קענען נגינה, אויב אפילו איר קענט נישט זינגען. באזונדערס האָט דער ניגון געדינט ווי אַ וויכטיק כלי זיין אינם קאַמף קעגן עצ־בות, און וועלכן חסידים זעען אַ גרויסע שטערונג צו עבודת ה׳. דער גרויסער ר׳ אהרן פון קארלין האָט געזאָגט: „עצבות איז נישט קיין עברה, אָבער די פאָלגן און טימ־טום־הלב, וואָס עצבות ברענגט מיט זיך, קען די גרעסטע עברה נישט גורם זיין. דאָס, וואָס מיר זאָגן, אַז מען דאַרף שטענדיק זיין בשמחה, מיינען מיר נישט די שמחה של מצוה, ווייל דאָס איז דאָך שוין אַ געוויסע מדרגה און צי קען מען דען פון יעדן איינעם ייד פאַרלאַנגען, אַז ער זאָל זיין אַ בעל־מדרגה? אונזער כוונה איז נאָר: נישט קיין עצ־בות. פשוט: אַ ייד, וואָס גייט נישט אַרום מיט שמחה פון דעם, וואָס ער איז אַ ייד, איז ער אַ כפוי טובה דעם הימל, עס איז אַ סימן, אַז ער האָט נישט דערהערט די ברכה „שלא עשני גוי". עצבות איז דער שאול תחתית. ער — ר׳ אהרן — איז געווען פון די שעפער פונם חסידישן ניגון. מען דערציילט אין נאָמען פון מעזריטשער מגיד, אַז ווען ר׳ אהרן פלעגט ערב שבת זאָגן שיר השירים מיט זיין באַ־זונדערן ניגון, איז געוואָרן אַ רעש אין דער פמליא של מעלה און אין די עולמות העליונים איז שטיל געוואָרן, די מלאכי־השרת האָבן אויפגעהערט זייער שירה־זאָגן פאַר הקב"ה און זיי זיינען זיך צונויפגעקומען, בכדי צוזאַמען צוצוהערן זיך צום הייליקן און מתיקותדיקן ניגון.

צו איר העכסטער מדרגה איז די שמחה אין די רבישע „הויפן" דערגאַנגען שבת. מען פלעגט זי באַשיינען מיט

התלהבותדיקן דאַווענען, ניגונים און ריקודים און אויך מיט גוטע מאכלים. די חסידים פלעגן זיך גאַנץ באַזונדערס באַמיען צו באַקומען פיש אויף שבת. רבי שלמה קארלינער פלעגט פאַרטייטשן „איש על מחנהו ואיש על דגלו" — דג לו, ווער ס'איז אַ מענטש (איש) שטעלט מען אים צו פיש אויף שבת...

דער רבי ר' בונם פון פשיסכע האָט דערקלערט דעם מנהג צו עסן פיש, ווי דעם ערשטן מאכל אין די שבתים, ווייל די פיש זיינען געווען די ערשטע בריאה פון די לעבעדיקע באַשעפענישן און די הייליקייט פון שבת איז דער שורש פונם לעבן. דעריבער זיינען זיך יידן נוהג אַנצוהויבן דעם עונג־שבת מיט פיש. ר' מענדעלע קאָצקער האָט געזאָגט: דערפאַר עסן מיר שבת פיש, ווייל אין יעדן בעל־חי איז פאַראַן אַ מצוה: שחיטה, מליחה — און פיש האָבן נישט קיין שום מצוה און די מצוה, וואָס מיר זיינען מקיים מיט זיי איז: מען עסט זיי שבת צום אָנהויב פון דער סעודה.

ר' יצחק ניעשכיזער האָט דערציילט אין נאָמען פון בעל־שם־טוב, אַז פון הימל האָט מען אים געגעבן אַ ברירה צו וואוינען אין נעמעראָוו, אין מעזשיבעזש אָדער אין אַן אַנדערער שטאָט און ער האָט אויסגעקליבן מעזשיבעזש, ווייל דאָרט זיינען פאַראַן פיש און מען קען זיי לייכט באַקומען.

אין ר' מענדעלע רימאַנאָווערס הויז האָבן אַמאָל פאַרפעלט פיש לכבוד שבת. ער האָט באַפוילן זיין משרת, ער זאָל צוגרייטן די פאַן, מאַכן פייער און זאָגן דערביי יעדעס מאָל „לכבוד שבת, לכבוד שבת". ער האָט אַזוי געטון. זייענדיק פאַרנומען מיט זיין אַרבעט איז עמיצער געקומען פון אַ ווייטער שטאָט זען זיך מיטן רבין און מיטגעבראַכט

אַ מתנה — פיש. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַרוואונדערונג אין דעם גאַנצן הויז. בעת דער שבת־סעודה האָט דער רבי געזאָגט: זייט וויסן, אַז מיט דער קדושת השבת קומט אויך אַראָפּ אויף דער וועלט אַ שפע עליון און דער מענטש, וועלכער וויל געניסן פון דער שפע, מוז ברענגען זיין רצון צום אויסדרוק און זאָגן: „לכבוד שבת" — ס'איז דעריבער נישט קיין ווּאונדער, וואָס כ'בין געווען זיכער, אַז כ'האָב פיש לכבוד שבת.

זייער אָפט פלעגן אויך די רביים אויף שבתים אַרויספאָרן אין די שטעט צו זייערע חסידים. אַזאַ שבת פלעגט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גרויסער שמחה־מאַניפעסטאַציע פאַר די חסידים פון דער שטאָט און דער אומגעגנט. צייטנווייז פלעגן די רביים פאָרן בכדי צו זאַמלען געלט פאַר אַ דבר־מצוה און באַזונדערס פאַר „פדיון שבויים". בעת איינער אַזאַ נסיעה, אין הייסע זומער־טעג, האָט זיך דער אַפּטער צדיק פאַרהאַלטן אין אַ דאָרף, נעבן אַ יידיש הויז, בכדי אָפּצורוען זיך אַביסל פון דער גרויסער היץ. אַ דאָרפסיידענע איז אַרויסגעקומען און מיטגעבראַכט „איינגעמאַכטס" מכבד צו זיין דעם גרויסן גאַסט. דער אַפּטער רב האָט געמאַכט אַ ברכה און פאַרזוכט פונם כיבוד. אַך — האָט ער געזאָגט — ס'איז גוט. די דאָרפס־יידענע האָט אים געבעטן, ער זאָל נאָך פאַרזוכן און ווען ער האָט שוין געהאַט אויפגעגעסן, האָט זי אים געפרעגט: דער רבי וויל נאָך? יאָ, האָט ער געענטפערט און נאָך געגעסן. און אַזוי איינציקע מאָל. דער גבאי, וועלכער האָט באַגלייט דעם רבין אויף זיין נסיעה, האָט אים איינגערוימט אין אויער: רבי, ס'איז

שוין גענוג, ס'איז נישט שיין. אויב אזוי ענטפערט אים דער רבי — דאַרף איך זאָגן אַ ליגן?

ביי אַזעלכע געלעגנהייטן פלעגן זיך די דאָרפס־יידן נוהג־זיין צו ברענגען צום רבין זייערע זין, צום „פאַרהערן" זיי אין לערנען. איינער אַ דאָרפס־ייד האָט אַמאָל געברענגט צו פאַרהערן זיין זון צו ר' שלום קאמינקער. דער רבי האָט אים פאַרהערט און אויף די פראַגן, וואָס ער האָט אים גע־שטעלט האָט דאָס יינגל נישט געוואוסט צו ענטפערן. נאָכן פאַרענדיקן דאָס פאַרהערן, זאָגט ר' שלום: הלואי, זאָל מיין זון אזוי זיין. היתכן? — פרעגט אים זיין גבאי, וועלכער איז געשטאַנען די גאַנצע צייט לעבן אים. און דער רבי ענטפערט: הלואי, זאָל מיין זון זיין אזוי געראָטן אין מיר, ווי דאָס דאָרפס־יינגל איז געראָטן אין זיין פאָטער...

דער זעלבער ר' שלום קאמינקער, וועלכער איז געווען אַ תלמיד פון ר' שלום בעלזער, האָט אַמאָל פאַרשפּעטיקט צו קומען צו זיין רבין, און איז אָנגעקומען ערב שבת, ווען ס'איז שוין געווען פינצטער. דער רבי האָט אים געפרעגט, פאַר־וואָס ער איז אָנגעקומען אזוי שפּעט, האָט ער געענטפערט, אַז ער איז אַרויסגעפאָרן צו דער צייט, נאָר ער איז געפאָרן מיט אַן עגלה מיט אַ קל־וחומר און אַ גזירה שוה און אַ פערד מיט זעקס מעלות.

וואָס הייסט דאָס? — פרעגט אים דער רבי זיינער. און דער תלמיד ענטפערט: ווי נאָר כ'בין אַרויסגעפאָרן איז צע־בראָכן געוואָרן אַ ראָד פון וואָגן. דער בעל־עגלה האָט גע־וואָלט פאַריכטן דעם ראָד און איך האָב אים נישט געלאָזט. מיר וועלן פאָרן מיט אַ קל וחומר — האָב איך אים גע־זאָגט: — מה־דאָך אַ בריטשקע מיט צוויי רעדער פאָרט,

וועט־דאָך אַן עגלה מיט דריי רעדער על אחת כמה וכמה פאָרן. מיר זיינען ווייטער געפאָרן און ס'איז צעבראָכן גע־וואָרן נאָך אַ ראָד. האָב איך געזאָגט: מיר וועלן פאָרן מיט אַ גזירה שוה. אַזוי ווי מען קען פאָרן מיט אַ בריטשקע אויף צוויי רעדער, אַזוי וועלן מיר אויך פאָרן מיט דער עגלה. מיר זיינען ווייטער געפאָרן און דער דריטער ראָד איז געוואָרן צעבראָכן. האָב איך געזאָגט: מיר וועלן ווידער פאָרן מיט אַ קל וחומר: מה־דאָך מען קען פאָרן מיט אַ שליטן, וואָס האָט בכלל נישט קיין רעדער — מיט אַן עגלה מיט איין ראָד על אחת כמה וכמה. ווען ס'איז צעבראָכן געוואָרן דער פערטער ראָד, האָב איך געזאָגט צום בעל־עגלה: איצט וועלן מיר ווידער פאָרן מיט אַ גזירה שוה: — אַזוי ווי אַ שליטן אָן רעדער פאָרט, וועט אויך די עגלה פאָרן.

און דאָס פערדל האָט געהאַט זעקס מעלות: פון אַ „זייד־דענעם יונגענמאַן", פון אַן אַלטן גבאי, פון אַ חסיד אַ שו־טה, אַ ווייטע ראיה, אַ גוטע שמיעה און איז געווען אַ בעל דרך־ארץ. ר' שלום האָט פאַרטייטשט די „מעלות":

אַ „זיידענער יונגערמאַן" — עס האָט געזאָגט „שב ואל תעשה עדיף";

פון אַן אַלטן גבאי — עס האָלט: כ'בין שוין צו אַלט און ס'איז נישט פאַר מיין כבוד;

פון אַ „פאַרברענטן חסיד" — עס האָט באַשלאָסן „יהרג ואל יעבור";

אַ ווייטע ראיה — ווען עס האָט דערזען פונדערווייטנס אַ באַרג, האָט עס באַלד אָנגעהויבן „קריכן";

אַ גוטע שמיעה — ווי נאָר מען האָט אַ געשריי געטון „האָפּ", איז עס באַלד שטיין געבליבן;

אַ בעל דרך־ארץ — עס האָט געוואָלט, אַז דער בעל עגלה און די פּאַסאַזשירן זאָלן גיין פּאָרויס...

עס זיינען געווען אַזעלכע רביים און צדיקים, וואָס האָבן „נישט געהאַלטן" פון דאָקטוירים. איינער פון זיי איז גע־ווען ר' נחמן בראַצלאַווער. ער האָט אַמאָל געזאָגט אין אַ שפּאַס: „דעם מלאך המוות איז געוואָרן שווער זיין אַר־בעט, האָט ער זיך גענומען די דאָקטוירים זיי זאָלן אים העלפן". ר' שלמהלע קאַרלינער און ר' מאירל פּרעמישלאַ־נער האָבן פאַרטייטשט: „ישלח דברו וירפאם וימלט מש־חיתותם" — הקב"ה זאָל אָפּהיטן דעם קראַנקן פון דעם, וואָס די דאָקטוירים מאַכן־קאַליע...

אין די חסידישע „שטיבלעך" האָט מען ליב געהאַט צו שמועסן וועגן די „אויסטראַכטענישן" און דערפינדונגען „פון די גויים" און אָפּלאַכן פון זיי. האָט איינער געזאָגט: זעט־נאָר וואָס פאַר אַ ווערט די גויישע דערפינדונגען האָבן: מען האָט אויסגעטראַכט די באַן — ס'איז אַ גרויסע זאַך, פונדעסטוועגן קען קומען אַ גוי אַ שיכור, אַוועקנעמען די רעלסן און די באַן בלייבט שטיין; אַ טעלעפאָן — זאָל קו־מען אַ ייִנגל, איבעררייסן די דראָטן און דער טעלעפאָן אַרבעט נישט מער. אָבער ביי אונז: די חז"ל האָבן מתקן־געווען, אַז מען דאַרף פאַסטן אין תשעה באב, קען דאָך פּאַסירן, אַז ס'וועט עמיצער קומען און וועלן עסן אין דעם טאָג? האָט מען מתקן־געווען, אַז דעם טאָג לייגט מען תפילין ערשט פאַרנאַכט — זאָלן מיר זען, אויב עס וועט זיך גע־פונען איין ייד, וואָס זאָל עסן פאַרן לייגן תפילין...

אויף אַזעלכע „פילאָזאָפישע שמועסן" פלעגט מען אין

די „שטיבלעך" האָבן צייט, באַזונדערס אין די „ניטל"-נעכט, ווען מען טאָר נישט לערנען תורה. יונגע חסידים פלעגן דאַן שפּילן אין „קוויטלעך". און די „אַלטע" חסידים פלעגן רעדן וועגן „וועלט"-ענינים און „פילאָזאָפישע זאַכן".

וואָס איז אַזוינס פילאָזאָפיע? — פאַרשטיין יעדע זאַך מיטן שכל. האָט מען זיך אַמאָל אַוועקגעזעצט באַטראַכטן די פראַגע פון... קוימען-קערערס.

מען האָט זיך דערציילט אַ מעשה מיט צוויי קוימען-קערערס, וואָס האָבן פאַרענדיקט זייער אַרבעט, איינער איז געווען שוואַרץ ווי קויל און דער צווייטער — ריין. דער צווייטער, דער „ריינער", איז שנעל געלאָפן זיך אָפּוואַשן און דער פאַרשוואַרצטער—נישט. היתכן? נאָר מען קען עס פאַרשטיין אַזוי: דער ריינער האָט געזען ווי זיין חבר איז שוואַרץ, האָט ער געמיינט, אַז אויך ער איז אַזוי, האָט ער זיך געאײַלט אַרומצוּוואַשן. דאַקעגן יענער האָט געזען, אַז זיין חבר איז ריין, האָט ער געמיינט, אַז אויך ער איז אַזוי און ער האָט געהאַלטן, אַז ער דאַרף זיך נישט אָפּוואַשן.

אויבביידע וואָלטן געגאַנגען זיך אַרומוואַשן, וואָלט מען עס אויך געקענט פאַרשטיין: דער ריינער האָט געזען ווי זיין חבר איז פאַרסאַדזעט, האָט ער געמיינט, אַז אויך ער איז אַזוי און ער איז געגאַנגען זיך וואַשן, דער צווייטער ווידער האָט געזען ווי זיין חבר וואַשט זיך, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער חבר האָט אים געזען אַ פאַרשוואַרצטן, דעריבער וואַשט ער זיך און ער האָט ממילא אויך געטון דאָס זעלבע.

ווען ביידע וואָלטן זיך נישט געוואַשן — וואָלט מען

דאָס אויך געקענט פאַרשטיין מיטן שכל: דער פאַרסאַדזוע־טער האָט געזען, אַז זיין חבר איז אַרויס ריין, האָט ער גע־מיינט, אַז אויך ער איז אַזוי, האָט ער זיך נישט געוואַשן, דער ריינער האָט ווידער געזען זיין חבר, אַז ער וואַשט זיך נישט, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז יענער זעט אים אַ ריינעם האָט ער זיך דאָך נישט געדאַרפט וואַשן.

אָבער אַז עס האָט זיך געטראָפן, אַז דער פאַרסאַדזעטער האָט זיך אַרומגעוואַשן און דער ריינער נישט, — דאָס האָבן זיי נישט געקענט באַנעמען און פאַרשטיין מיטן שכל...

נאָך אַ „פילאָזאָפישע פראַגע" האָט מען „באַהאַנדלט" אין אַ „שטיבל". יעדע זאַך האָט איר שליחות אויף דער וועלט — וואָס האָט מען פון די פרוכטלאָזע בוימער? און מען האָט געענטפערט: אויך די דאָזיקע בוימער האָבן זייער שליחות. מען הייצט מיט זיי אין די אויוונס כדי צו קענען זיצן און לערנען תורה אין וואַרימע צימערן. די בע־סטע ראיה דערצו — ווען מען הייצט נישט אין אויוון — צעלייגט זיך דער פראָסט, אין דער פאָרם פון פאַרשידענע בוימער, אויף די פענצטער־שויבן און ווי נאָר מען הייצט־איין פאַרשווינדן זיי באַלד...

די חסידים האָבן אין די רביים געזען די יורשים פון די אייגנשאַפטן פון די קדמונים. אויף ר' לוי יצחק בערדי־טשעווער האָט מען געזאָגט, אַז ער האָט אין זיך די נשמה פון רבי עקיבא און אויף ר' חיים צאַנזער — אַז ער האָט ר' לוי יצחק בערדיטשעווערס נשמה—און ר' שלמהלע ראַ־דאָמסקער האָט געזאָגט וועגן ר' חיים צאַנזער, אַז ער האָט די נשמה פון „אור החיים". וועגן אַפּטער צדיק האָט מען

געזאָגט, אַז אין זיין פריערדיקן גלגול איז ער געווען אַ כהן אין בית המקדש. אויף ר׳ שלמהלע קאַרלינער האָט געזאָגט זיין תלמיד, ר׳ אורילע סטרעליסקער, אַז ער האָט געהאַט הבלס נשמה און אַז די תלמידים, וועלכע פאָרן צו אים זיינען בבחינת „וצבא השמים לך משתחוים". אויף ר׳ מענדעלע רימאַנאָווער האָט מען געזאָגט, אַז ער האָט געהאַט די נשמה פון רב אחאי, וועגן ר׳ הירשעלע זידיטשער האָט מען געזאָגט, אַז ער האָט געהאַט דעם מוח פון דעם אר״י. חסידים האָבן וועגן אים דערציילט, אַז ווען ער איז אַמאָל אין די פרימאָרגן־שעהן, געשטאַנען און עוסק־געווען אין עבודת־הקודש, האָבן זיך פּלוצלינג פאַרלאָשן די ליכט אין זיין צימער און ער האָט דערזען אויף דער שאַנק ווי עס לייכט אַ בריליאַנט אין דער גרויס פון אַן איי. דעם ווערט פון דעם בריליאַנט האָט מען געשאַצט אויף אַ גרויס פאַרמעגן. ר׳ הירשעלע האָט געפאַסט און מתפלל געווען, אַז מען זאָל אים מן השמים מגלה־זיין, וואָס דאָס באַדייט. און מען האָט אים מגלה געווען, אַז ער האָט פאַר זיך אַ ברירה, אויסצוקלויבן איינס פון די ביידע: אָדער דעם בריליאַנט, וואָס וועט פאַרזיכערן אַן עשירות אים און זיינע קינדער אויף אַלע דורות, אָדער — אנשטאט דעם בריליאַנט — דעם מוח פונם אר״י. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט בעסער אויסגעקליבן דעם אר״יס מוח — און מיט דעם לאָזט זיך דערקלערן דאָס, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק מצליח געווען מיט זיינע קבלה־ספרים און פירוש אויפן זוהר...

נישט בלויז די רביים האָבן געירשנט אָט די אויסערגעוויינלעכע אייגנשאַפטן, נאָר אויך זייערע קינדער און אייניקלעך. וועגן זיין טאָכטער אָדל האָט דער בעש״ט געזאָגט,

אַז די אותיות פון איר נאָמען ,אדל, זיינען ראשי תיבות פון דעם פסוק: אש דת למו.

ווענן ר' מעכעלע ·זלאָטשעווערס פינף זין האָט מען גע־זאָגט, אַז זיי זיינען כנגד די חמשה חומשי תורה.

וועגן ר' ישראלטשע ריזשינערס זעקס זין האָבן חסידים געזאָגט, אַז זיי זיינען כנגד די ששה סדרי משנה און זיי האָבן אויך אָנגעוויזן אויף די אייגנשאַפטן פון יעדן איי־נעם פון זיי, וואָס גלייכן זיך מיטן „זיין" סדר המשניות.

די צדיקת הינדע, ר' יצחק אייזיק סאַפרינערס ווייב, האָט פאַר איר טויט געזאָגט וועגן אירע פינף זין: במסלה נעלה, במסלה — ראשי תיבות פון: בעריש, משה, סענדער, ליפּא, הערש.

וועגן ר' משה טייטלבוים, דעם „ישמח משה", האָבן די צדיקים פון זיין דור געזאָגט, אַז ירמיהוס נשמה איז מגולגל געוואָרן אין אים און דאָס — צוליב דעם, ווייל ער פלעגט מרבה־זיין צו קלאָגן אויפן חורבן בית המקדש און געלערנט יעדן טאָג אַ קאַפּיטל פונם ספר ירמיהו. אין די בין־המצרים־טעג איז זיין טרויער און צער געווען אין לשער. ווען ער פלעגט אין תשעה באב אַרויסקו־מען פון זיין חדר צו עלית התורה, איז ער געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, זיין געזיכט איז געווען פאַרטונקלט און פון זיינע אויגן האָבן כסדר גערינען טרערן. ווען ער האָט געלייענט די הפטרה און איז צוגעקומען צו די פסו־קים: „הצרי אין בגלעד, אם רופא אין שם, כי מדוע לא עלתה ארוכת בת עמי, מי יתן ראש מים ועיני מקור דמעה ואבכה יומם ולילה את חללי בת עמי" — האָט ער אָנגע־הויבן יאָמערלעך וויינען. די ווענט פונם בית־המדרש האָבן

געציטערט פון זיין געוויין: „עד מתי לא תרחם את יהודה? עד אנה בכיה בציון ומספד בירושלים?"

ער פלעגט זאָגן צו די, וועלכע האָבן זיך געוואונדערט אויף דעם: „אני הגבר ראה עני עברתו. כשם שראיתי בחורבנו של הבית, כן יזכנו השי"ת לראות בבנינו"...